# קאָנסטיטושאָן

פון

# חברה בני ישראל
# אנשי יאניווע



310 סויט 1טע סטריט

ברוקלין, נ. י.

געגרינדעט אין 1894



L. KRISS PRINTER, 287 SO. 4TH ST., BROOKLYN, N. Y.

# בעאַמטע פון דער סאָסייעטי

משה לעווין .............................................. פרעזידענט

ישראל וויינשטיין ........................... עקס פרעזידענט

וואולף ביים ................................... עקס פרעזידענט

אליהו וויינגארדען .............................. וויים פרעזידענט

אליהו ראָזענפעלד ................................... טרעזשורער

משה יוסף וואלינסקי ........ פראָטאָקאָל סעקרעטער

אהרן ליבערמאן ....................... פינאנס סעקרעטער

נחמן פינסקער ................................. האָספּיטאלער

ישראל וואלאוועלסקי ................................ טראָסטיע

ישראל וויינשטיין ..................................... טראָסטיע

# קאָנסטיטושאָן קאָמיטע

ישראל וואלאוועלסקי ................................ טשערמאַן

משה לעווין

אליהו וויינגארדען

משה יוסף וואלינסקי

נחמן פינסקער

ברוך וויינשטיין

יחזקאל בירענבאם

לייב פישמאַן

אליהו ראָזענפעלד

אהרן ליבערמאַן

וואולף אלפּער

אברהם רימבערג

משה ווינאַווסקי

# פּרינטינג קאָמיטע

ישראל וואלאוועלסקי .............................. טשערמאַן

משה לעווין

אליהו וויינגארדען

משה יוסף וואלינסקי

אליהו ראָזענפעלד

נחמן פּינסקער

משה ווינאווסקי

אהרן ליבערמאַן

ברוך וויינשטיין

# גבאים פון דער חברה

אברהם רימבערג ............................ גבאי ראשון

צדוק ווייסמאן .................................. גבאי שני

נחמן פינסקער ................ פראָטאָקאָל סעקרעטער

וואולף אלפערין ........................................ שמש



# קאָמיטעט פון רעליעף פאָנד

ישראל וואלאוועלסקי ............................ טשערמאַן

אהרן ליבערמאַן          משה ווינאַווצקי

משה לעווין



# גרינדער פון דער חברה

וואָלף ביים

צבי ליוואַיי

צדוק ווייסמאַן

יהושע סימענאָווסקי

דיזע חברה האָט זיך געגרינדעט אין 1894



# אינהאַלטס פערצייכניש

זייטע

# פראָצעדור פונ׳ם מיטינג

1. אויסרופונג די נעמען פון די אָפּיסערס.
2. דאָס פאַרלעזען די מינוטס פונ׳ם לעצטען מיטינג.
3. רעפּאָרט פון קאָמיטע וועגען קראַנקע מעמבערס.
4. רעפּאָרט וועגען פאָרגעשלאָגענע קאַנדידאַטען.
5. דאָס איינפירונג פון קאַנדידאַטען.
6. פאָרשלעגע פון נייע קאַנדידאַטען.
7. פאַרלעזונג פון צושריפטען.
8. אונגעענדיגטע ביזנעס.
9. רעפּאָרט פון קאָמיטעס.
10. גבאים באריכט.
11. וואָהל און בעסטען פון דער חברה.
12. וואָהל און בעסטען פונ׳ם יודענטהום.
13. איינאַמען און אויסגאַבען.
14. שלום פונ׳ם מיטינג.

ארטיקעל 1.

## נאָמען און שפּראך

§ 1. דער נאָמען פון דיזער חברה זאָל הייסען חברה בני ישראל אנשי יאניווע.

§ 2. דער נאָמען זאָל ניט געענדערט ווערען זאָ לאנג 7 גוט שטעהענדע מעמבערס אין דער חברה זיינען געגען דעם.

§ 3. דיא מיטינגען אין דער חברה זאָלען גע־פיהרט ווערען אין דער אידישער שפּראכע, אויך די ביכער זאָלען געפיהרט ווערען אויף אידיש.

§ 4. דיזע קאָנסטיטושאָן געהט אריין אין קראפט אזוי שנעל ווי זי ווערט גוט געהייסען פון א ספּעשעל מיטינג, 2 דריטעל מאַיאָריטעט.

§ 5. דיא קאָנסטיטושאָן קען אמענדירט ווע־רען דורך באשליסע וואָס ווערען אָנגענומען ביי יעדען דזשענעראל מיטינג, און אויך צוריק געווי־זען ווערען דורך 2 דריטעל מאַיאָריטעט וואוטס אָדער אמענדירט ווערען.

§ 6. דיא ארטיקעל אויף איין קאָרפּאָריישאָן טשארטער קען אמענדירט ווערען דורך א רעזאָ־לוציע פון דזשענעראל מיטינג.

§ 7. אויך ווען 7 גוט שטעהענדע מעמבערס פערלייגנגען איין ספּעשעל מיטינג קענען זיי רופען דורך דעם פּרעזידענטס אָרדער.

§ 8. א דזשענעראל מיטינג קען ניט איינרופען איין ספּעשעל מיטינג סיידען ביי איין 2טען ספּע־שעל מיטינג.

ארטיקעל 2.

## מיטינגען און רולס פון דער סאָסייעטי.

§ 1. דיזע סאָסייעטי זאָל האָבען רעגעלע, גע־נעראלע און ספּעציעלע מיטינגען.

§ 2. די רעגעלע מיטינגען זאָלען אָפּגעהאלטען ווערען 2 מאָהל אין מאָנאַט, וועלכעס זאָל זיך אָנ־פאנגען 8 אוהר אָווענד אין דעם טאָג וועלכעס די סאָסייעטי וועט באשטימען.

§ 3. די גענעראלע מיטינגען זאָלען זיין דיא לעצטע פערזאמלונגען פון יעדען פערטעל יאָהר, די ענדע פון יעדען יאָהר איז מארטש, דזשון, סעפּטעמבער און דעצעמבער.

§ 4. ספּעציעלע מיטינגען קענען גערופען ווערען:

1) דורך א בעשלוס פון דער סאָסייעטי.

2) דורך דעם פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי לויט דער צושטימונג פון דיא באָרד אָף דירעקטאָרס.

אין אזא פאל זאָל שריפטליכע נאָטיס געשיקט ווערען צו יעדען מעמבער אין וועלכע דער צוועק פון דיזען מיטינג זאָל בעקאנט גע־מאכט ווערען, אמווייניגסטענס 3 טעג בעפאָר דעם מיטינג.

§ 5. דער פּרעזידענט מיט 7 מיטגלידער האָבען איין רעכט צו עפענען איין מיטינג און צו פערהאנדלען אלע ביזנעס פון דער סאָסייעטי.

§ 6. צו אַ ספּעשעל מיטינג מוז יעדער מעמבער אנוועזענד זיין, אויב ניט קען ער שטראפירט ווערן.

§ 7. ביי אַ גענעראל אָדער ספּעשעל מיטינג מוז ניט ווייניגער ווי 7 מעמבערס אנוועזענד זיין, אזא קווארום זאָל האָבען דאָס רעכט אלע געשעפטען פון דער סאָסייעטי צו פערהאנדלען.

§ 8. ווען דער אָווענד פון אַ מיטינג פאַלט אויס אין אידישען יום טוב, קען דער מיטינג אָפּגעלייגט ווערען אויף אַן אַנדער דאַטום אָדער ביז צום נעקסטען מיטינג.

§ 9. ביי דער עפענונג פון מיטינג זאָל דער פּרעזידענט ערקלעהרען פאָלגענדעס: אין דעם נאָמען פון דער חברה בני ישראל אנשי יאניווע ערקלעהר איך דעם מיטינג פאר ערעפענט געזעצליך.

§ 10. נאָך דעם ווי דער מיטינג ווערט ערעפענט זאָל דער פּרעזידענט זעהן אז אלע אָפּיסערס זאָלען פארנעהמען זייערע פּלעצער.

ווען אַ אָפּיסער איז אבוועזענד זאָל דער פּרעזידענט אפּוינטען איין אנדערען אויף יענעמס פּלאץ פאר דיזען אָווענד.

§ 11. ווען אלע אָפּיסערס פארנעהמען זייערע פּלעצער זאָל דער רעקאָרדינג סעקרעטער פּאָרלע־זען דעם טאגעס אָרדענונג. ווען דער טאגעס אָרדענונג איז פּאָרגעלעזען דארף דער פּרעזידענט פרעגען אויב יעמאנד האָט איין זאץ אָדער אויס־לאָז צום טאגעס אָרדענונג.

§ 12. ווען דער טאגעס אָרדענונג ווערט גוט געהייסען קענען קיינע ענדערונגען אין איהם ניט געמאכט ווערען און די פערזאמלונג מוז פערהאנד־לען אלע איהרע געשעפטען אין דער זעלבער אָר־דונג לויט דעם טאגעס אָרדענונג.

§ 13. ווען דער טאגעס אָרדענונג איז אָנגע־נומען געוואָרען דארף דער רעקאָרדינג סעקרעטער פּאָרלעזען דעם פּראָטיקאָל פון לעצטען מיטינג. דיזער פּראָטיקאָל ווערט אָנגענומען פון דער פער־זאמלונג נור דאן ווען ער ענטהאלט אין זיך אלע באשליסע אונד באשטימונגען פון לעצטען מיטינג. ווען דיזער פּראָטיקאָל ווערט גוט געהייסען אונד אָנגענומען ווערט ער אנערקענט אלס אָפיציעלער דאקומענט, און אלע באשליסע און באשטימונגען פון לעצטען מיטינג קריגען אַן אָפיציעלען געזעצ־ליכען קראפט.

§ 14. קיינער זאָל אריין אָדער ארויס געלאָ־זען ווערען אין אָדער פון מיטינג לאָקאל ווערענד דער פּראָטיקאָל ווערט פּאָרגעלעזען.

§ 15. קיין מיטינג זאָל געשלאָסען ווערען בעֿ־פאָר עס ווערט פערהאנדעלט דער גאנצער טאגעס אָרדענונג, מיט דער אויסנאהמע ווען דער מיטינג

איז אזא שטורעמדיגער אז עס איז אומעגליך עס צו קאָנטראָלירען, אָדער ווען די מעמבערס צוגעהן זיך און עס בלייבט ניט קיין קווארום צו פאסען באשליסען.

§ 16. ווען דער מיטינג ווערט געשלאָסען זאָל דער פרעזידענט ערקלעהרען פאָלגענדעס:
אין דעם נאָמען פון דער חברה בני ישראל אנשי יאניווע ערקלעהר איך דעם מיטינג פאר היינט גע־שלאָסען.

§ 17. ווען א ברודער באהייוועט זיך ניט מיט'ן פרעזידענטס 2 קלעפּ פון האמער, וואָס באדייט אָרדענונג, קען ארויס געפיהרט ווערען פון מיטינג אָדער איין אָרדער פון פרעזידענט צו צונעהמען דאָס וואָרט אויף 6 מאָנאטען, אָדערביידע זאכען.

## ארטיקעל 3.

## אויפנעהמען נייע מיטגלידער.

§ 1. קאנדידאטען פאר מעמבערשיפּ קענען בלויז פאָרגעשלאָגען ווערען פון מעמבערס פון דער סאָסייעטי.

§ 2. יעדער קאנדידאט וועלכער ווערט פאָר־געשלאָגען אלס מעמבער פון דיזער סאָסייעטי מוז בעזיצען פאָלגענדע איינגענשאפטען:

1) מוז זיין אלט ניט וויינינער פון 18 יאָהר און ניט מעהר פון 40 יאָהר.

2) מוז זיין פיזיש און גייסטיג געזונד.

3) מוז האָבען איין באשעפטיגונג.

4) מוז האָבען איין גוטע רעפּוטאציאָן.

5) מוז זיין ניט וועניגער פון 6 מאָנאטען אין לאנד.

6) מוז זיין איינוואָהנער פון גרעיטער ניו יאָרק און אומגעגענד.

7) אויב פערהייראט מוז זיין פרוי געהערען צו דער אידישער נאציאָן.

§ 3. יעדער מעמבער וואָס שלאָגט פאָר איין קאנדידאט זאָל אויספּיהלען פאָלגענדעס אין אפּליקיישאָן:

נאמען, וואָהנונגס אדרעס, עלטער, בעשעפטיגונג.

§ 4. דער אפּליקיישאָן זאָל איבערגעגעבען ווערען צום רעקאָרדינג סעקרעטער מיט דיא פאָרשלאג געלט, און מוז זיין אונטער געשריבען מיט דעם פאָרשלאגערס נאָמען.

§ 5. דער רעקאָרדינג סעקרעטער זאָל קאפּירין דעם אפּליקיישאָן פון פאָרגעשלאָגענעם קאנדידאט און די סומע וויפיעל עס איז איין געצאָהלט געווארען און די פאָרשלאג געלט זאָל ער איבערגעבען צום פינאנס סעקרעטער פאר וועלכעס ער זאָל איין רעסיט בעקומען, דער רעקאָרדינג סעקרעטער זאָל

פארלעזען דעם אפליקיישאָן פון קאנדידאט פאר דער פערזאמלונג, און דער פרעזידענט זאָל דאן פרעגען אויב יעמאנד האָט איין אבדזעקשאָן געגען פאָרגעשלאָגענעם קאנדידאט, ווען קיין אבדזעקשאָן ווערט ניט געמאכט דאן ווערט דער פאָרגעשלאָגע־נער קאנדידאט גוט געהייסען און דער אפליקיישאָן ווערט איבער געגעבען צו דער באָרד אָף אינוועס־טיגיישאָן קאָמיטע, און זיי זאָלען דעם קאנדידאט אונטערזוכען.

§ 6. ווען עס ווערט אָבער צום מיטינג גע־מאכט איין אבדזשעקשאָן געגען דעם קאנדידאט, דאן זאָל די באָרד אָף אינוועסטיגיישאָן אויס גע־פינען ביי אונטערזוכען איהם צו די אבדזשעקשאָן איז איין גרינדליכע, און אויב זי געפינט אויס אז דער קאנדידאט בעזיצט ניט די אייגענשאפטען וואָס זיינען אויס געשריבען אין פאריגראף 2 פון דיזען ארטיקעל האָבען זיי דאָס רעכט איהם צוריק צו ווייזען אלס קאנדידאט.

§ 7. אויב אָבער א מעמבער וויל ניט צוליעב פארשטענדליכע אורזאכען אבדזשעקטען א קאנדי־דאט ביים אָפענעם מיטינג פון דער סאָסייעטי, דאן קאָן ער איהם אבדזשעקטען ביי מיטינג פון באָרד אָף אינוועסטיגיישאָן. דער נאָמען פון מעמבער וואָס מאכט די אבדזשעקשאָן מוז געהאלטען ווע־רען אין געהיים.

§ 8. ווען דער קאנדידאט ווערט געפונען פאַ־סענד פון א מאיאָריטעט פון דער באָרד אָף אינ־

וועסטיגיישאָן זאָלען זיי דאָס זעלבע בעריכטען צום נעקסטען מיטינג פון דער סאָסייעטי, און ווען ער באקומט א מאַיאָריטעט וואוטס דורך אַ סיקרעט באלאָט ביי מיטינג פון דער סאָסייעטי, זאָל ער פון פּרעזידענט ערקלעהרט ווערען אַלס גינסטיג. דער פינאנס סעקרעטער זאָל איהם דאן שיקען נאָטיס צו ערשיינען צו אונזער אָפּיציעלען דאָקטאר פאר איין עקזאמינײשאָן.

§ 9. ווען איין קאנדידאט איז פערהייראט, זאָל דאן די באָרד אָף אינוועסטיגיישאָן אויך אונטערזוכען זיין פאמיליע און זיין פרוי דארף אויך אונטערזוכט ווערען פון סאָסייעטי דאָקטאר.

§ 10. נאָך דעם ווי דער דאָקטאר אונטערזוכט דעם קאנדידאט זאָל ער שיקען דעם סערטיפיקייט איבער דעם צושטאנד פון קאנדידאט צום פינ. סעקרעטער פון דער סאָסייעטי, און אויב דער סערטיפיקייט איז אַ גינסטיגער דאן זאָל דער פינאנס סעקרעטער שיקען איהם נאָטיס צו ערשיינען צום מיטינג, דאן דארף דער קאנדידאט איינצאָהלען זיין איינטריט געלד לויט דעם בעשלוס פון דער סאָסייעטי, און ער ווערט אנערקענט אַלס מעמבער.

§ 11. יעדער נייער קאנדידאט מוז באצאָהלען סעמעטערי טעקס לויט ווי די סאָסייעטי באשליסט עס זאָל אָבער ערלויבט ווערען יעדען נייעם קאנדידאט אויסצוצאָהלען דיזען טעקס, דורך ערשטען יאָהר קווארטאל־ווייז.

§ 12. ווען איין קאנדידאט ווערט אויפגעפאָ־
דערט צו ערשיינען בעפאָר די באָרד אָף אינוועס־
טיגיישאָן אָדער צו אַ דאָקטאר עקזאמינייישאָן,
אָדער אום אריין געפיהרט צו ווערען אַלס מעמ־
בער און ערשיינט ניט צו 3 מיטינגען נאָך דעב
ווי ער איז אויפגעפאָדערט געוואָרען, און ער גע־
פינט אויך ניט פאר נויטיג צו מעלדען דער סאָ־
סייעטי, שריפטליך אָדער פערזענליך דורך זיין
פאָרשלאגער די אורזאכע פון זיין ניט ערשיינען,
אזא קאנדידאט פארלירט זיין פאָרשלאג געלד און
מוז נייע פאָרשלאג געלד געבען ווען ער וויל
צוריק ווערען אַ קאנדידאט אין דער סאָסייעטי.

§ 13. ווען אַ קאנדידאט ווערט צוריק געווי־
זען פון דער סאָסייעטי זאָל זיין פאָרשלאג געלד
צוריק איבער געגעבען ווערען צו זיין פאָרשלאגער
פאר וועלכע ער זאָל אַ רעסיט פון קאנדידאט באַ־
קומען.

§ 14. ווען אַ קאנדידאט ווערט אויף געפאָ־
דערט צו ערשיינען צום מיטינג פון דער סאָסייעטי
אום אריין געפיהרט צו ווערן אַלס מעמבער, האָט
דער קאנדידאט א רעכט צו קומען צום צווייטען
מיטינג נור אויב ער ערשיינט ניט צו דעם 2טען
מיטינג מוז ער נאָך אַמאָהל אונטערזוכט ווערען
פון אונזער אָפיציעלען דאָקטאר בעפאָר ער ווערט
אויפגענומען אַלס מעמבער.

§ 15. ווען אַ קאנדידאט ווערט פאראורטיילט פאר א קרימענעלען פארברעכען קען ער ניט ווע־רען קיין מעמבער אין דיזער סאָסייעטי.

§ 16. ווען איין קאנדידאט ווערט אריין גע נומען אין דער סאָסייעטי און עס ווערט אויסגע־פונען אז ער איז ניט מוהל זיינע קינדער כדת משה וישראל אָדער ער הייראט מיט אַ קריסטען, דאן ווערט ער געזעצליך געשטראכען פון דער סאָסיי־עטי און קיינע קלאגעס קען ער ניט ברייננגען.

§ 17. ווען אַ געוועזענער מעמבער וויל צוריק אויף גענומען ווערען אין דיזער סאָסייעטי מוז ער באקומען א מאַיאָריטעט וואוטס דורך אַ סיקרעט באלאט און אויך נאָך די אפשטימונג פון די ברידער צו געהן צום דאָקטאר און אויך צאָהלען זיינע שולדען נאָך די אפשטימונג פון די ברידער, צוויי דריטעל מאַיאָריטעט.

§ 18. ווען אַ קאנדידאט איז מעהר וויא 25 סענט רייזע פון גרעיטער ניו יאָרק קען ער ניט פאָרגעשלאָגען ווערען אַלס מעמבער אין דיעזער סאָסייעטי.

§ 19. א קאנדידאט וועלכער איז געשטראכען געוואָרען פון דיזער סאָסייעטי אָדער האָט רעזיג־נירט און וויל צוריק אויף גענומען ווערען אַלס מעמבער בעפאָר די 3 מאָנאטען ענדיגען זיך פון דעם טאָג וואָס ער איז געשטראכען געוואָרען, אָדער האָט רעזיגנירט, קען צוריק אויף גענומען

ווערען אַלס אַ אַלטער מעמבער ווען ער שלאָגט זיך נאָך איין מאָהל פאַר, און ברייננגט איין גינס־טיגען דאָקטאר אַטעסט, פון איהם מיט זיין פרוי, מוז גוט מאכען זיינע שולדען.

§ 20. ווען אַ קאנדידאט איז אָבער געשטרא־כען געוואָרען פון דער סאָסייעטי, וועלכע איז דייטליך אויסגעשריבען אין פערעגראפס 15 און 16 פון דיזען ארטיקעל, אָדער אַ פארברעכען געגען דער סאָסייעטי קען ניט פאָרגעשלאגען ווערען אַלס מעמבער אין דיזער סאָסייעטי.

§ 21. קאנדידאטען וועלכע זיינען 2 מאָהל געשטראכען געוואָרען פון דיזער סאָסייעטי קענען נאָך אמאָהל ניט פאָרגעשלאגען ווערען אלס מעמ־בערס אין דיזער סאָסייעטי.

§ 22. אַ קאנדידאט קען ניט אריין גענומען ווערען אַלס מעמבער אין דיזער סאָסייעטי ווען זיין פרוי געפינט זיך אין אנדערע אומשטענדען, אָדער ווען אַ קינד איז קראנק.

§ 23. אַ קאנדידאט וועלכער ווערט אונטער־זוכט פון סאָסייעטי דאָקטאר און ווערט געפונען פיזיש און גייסטיג געזונד וועלכער ווערט אָבער קראנק בעפאָר ער ווערט אָנגענומען אַלס מעמבער קען ניט אָנגענומען ווערען אַלס מעמבער ביז דער סאָסייעטי דאָקטאר עקזאמענירט איהם נאָך אמאָל.

§ 24. ווען אַ קאנדידאט ווערט געפונען גינס־טיג פון אונזער דאָקטאר און ווערט פארקריפּעלט אָדער בלינד דורך אירגענד וועלכע אורזאכע בע־פאָר ער ווערט אריין געפיהרט אין דער סאָסייעטי, ווערט ער צוריק געוויזען אַלס קאנדידאט פון דער סאָסייעטי.

§ 25. ווען אַ מעמבער האָט געמאכט אַ פאל־שען סטייטמענט בעפאָר די באָרד אָף אינוועסטי־גיישאָן ביי אריין קומען אַלס מעמבער קען נאָך דעם ווי עס ווערט פאקטיש באוויזען צו יעדען צייט אויסגעשלאָסען ווערען אַלס מעמבער פון דיזער סאָסייעטי.

## ארטיקעל 4.

## איינטריט געלד, דיוס און טעקסעס

§ 1. די איינקיפטע פון דיזער סאָסייעטי בע־שטעהט אויס פאָלגענדע: פאָרשלאַגס געלד, איינטריטס געלד, דיוס, טעקסעס, אסעסמענטס, שטראפען און אינדאָומענט.

§ 2. יעדער נייער קאנדידאט מוז באצאָהלען פאָרשלאַגס געלד, איינטריט געלד און סעמעטערי טעקס ווי עס איז אויס געשריבען אין ארטיקעל 3, פּערראגראף 4־11.

§ 3. יעדער מעמבער מוז באצאָהלען יעדען קווארטעל אַ בעשטימטע סומע דיוס לויט ווי די סאָסייעטי באשליסט.

§ 4. יעדער מעמבער מוז באצאהלען יעדען טעקס וואס ווערט ארויפגעלייגט אויף יעדען מעמ־בער גלייך, און ווען דיזער טעקס ווערט ניט באַ־צאהלט לויט דעם באשלוס פון דער סאָסייעטי, דאן זאָל דער מעמבער געשטראכען ווערען.

§ 5. א טעקס קען נאָר דאן ארויף געלייגט ווערען ווען עס איז פאר דיזען צוועק א ספּעציעל מיטינג גערופען געוואָרען און דיא מעמבערס האָ־בען געקראָגען צו וויסען דורך נאָטיסעס דעם צוועק פון מיטינג.

§ 6. יעדער מעמבער מוז צאָהלען אלע גע־זעצליכע שטראפען וואס ווערען אויף איהם ארויף געלייגט. די אלע געלד זאָל געהן צום רעליעף פאָנד פון דיזער סאָסייעטי.

§ 7. פאָרשלאג געלד און איינטריט געלט זאָל געהערען צו דער לאָקאלע קאסע.

§ 8. אין פאַל פון איין איינקונפט פון פאר־קויפען סעמעטערי זאָל דיא איינאמע גיהערין 50% צום אינדאָומענט פאָנד און 50% צו דער לאָקאלע קאסע.

## ארטיקעל 5.

## אָפּיסערס פון דער סאָסייעטי.

§ 1. בעאמטע פון דער סאָסייעטי זאָל באַ־שטעהן פון פרעזידענט, וויים פרעזידענט, פראָ־טיקאָל סעקרעטער, פינאנס סעקרעטער, טרעזשו־רער, האָספּיטאלער, אינער־וואכער, דאָקטאר, 3 טראָסטים, 5 דירעקטאָרען און באָרד אָף אינוועס־טיגיישאָן.

§ 2. די אלע בעאמטע זאָלען ערוועהלט ווערען דורך א סיקרעט באלאט.

§ 3. קיין מעמבער בעפאָר ער איז 6 מאָנאַ־טען איין מעמבער אין דער סאָסייעטי איזט ניט בארעכטיגט צו פארטרעטען וועלכען אמט.

§ 4. קיין מעמבער איז ניט בארעכטיגט אָן צו נעהמען דעם אמט פון פרעזידענט בעפאָר ער האָט פארטראָטען אירגענד אנדערען אמט אין דיזער סאָסייעטי.

§ 5. די סעקרעטערע, טרעזשורער, אינער־וואכער, האָספיטאלער, זאָלען פאר זייער ארבייט בעצאָהלט ווערען לויט דעם באשלוס פון דער סאָסייעטי.

§ 6. אלע אויבען דערמאנטע בעאמטע זאָלען ביי די מעמבערס ערוועהלט ווערען אויף א יאָהר.

§ 7. דיא הויפט אַמטען פון דער סאָסייעטי, ד"ה, פרעזידענט, וויים פרעזידענט, פינאַנס סעק־רעטער און טרעזשורער, קען ניט אָן גענומען ווע־רען פון א פאָטער און זוהן, 2 ברידער אָדער שווער אונד איידים.

## נאמינײשאָן און עלעקשאָן פאר בעאמטע.

§ 1. די ערשטע נאמינײשאָן פון אלע בעאמ־טע פאר'ן ערשטען טערמין, זאָל שטאטפינדען דעם 2טען מיטינג אין מאָנאט נאָװעמבער, דיא 2טע נאמינײשאָן זאָל שטאטפינדען דעם ערשטען מי־טינג אין מאָנאט דעצעמבער און עלעקשאָן זאָל שטאטפינדען דעם לעצטען מיטינג אין זעלבען מאָ־נאט, און אינסטאָלײשאָן פיר נײע ערװעהלטע בע־אמטע זאָל שטאטפינדען דעם ערשטען מיטינג אין מאָנאט יאנואר.

§ 2. יעדער מעמבער האָט דאָס רעכט צו נאָ־מינירען יעדען מעמבער פאר אירגענד װעלכען אמט װען דער נאמינירטער מעמבער בעלאנגט 6 מאָנאטען אין דער סאָסײעטי, אויסער פּרעזידענט און װיים פּרעזידענט.

§ 3. איין אבװעזענדער מעמבער קען נישט נאמינירט װערען פאר קיין אמט און איין אבװע־זענדער מעמבער קען ניט ערװעהלט װערען פאר קיין אמט.

§ 4. קיין מעמבער קען ניט נאמינירט װערען אָדער עלעקטעט װערען פאר קייט אמט, װען ער שטעהט אונטער אַ קלאגע אין דער סאָסײעטי, קיין נײער ערװעהלטער בעאמטער קען ניט אינסטאָ־לירט װערען אין אמט װען ער איז ניט גוט־שטעה־ענד אין די פינאנס ביכער.

§ 5. יעדער קאנדידאט פאר אירגענד וועלכען אמט אין דער סאָסייעטי דאַרף קענען לעזען און שרייבען די שפּראַך וועלכע די סאָסייעטי באנוצט לויט ווי זיין אמט פאָדערט דאָס.

§ 6. בעפאָר די וואַהלען פאר נייע אָפּיסערס זאָל א באָרד אָף עלעקשאָן בעשטעהענדיג פון דריי מעמבערס אַפּוינטעט ווערען פון פּרעזידענט אונד דיזע באָרד זאָל אכטונג געבען אויף די עלעקשאָן און צעהלען די וואוטס.

§ 7. די וואַהלען זאָלען פאָרקומען דורך באַלאטס, און דער קאנדידאט וואָס בעקומט דיא מעהרסטע צאָהל שטימען זאָל פון פּרעזידענט ער־קלעהרט ווערען אַלס ערוועהלטער.

§ 8. יעדער מעמבער וועלכער וויל וואוטע־ זאָל באַקומען א באַלאט וואו עס זאָל זיין אויס געשריבען די נעמען פון די קאנדידאטען און דער אמט פאר וועלכע זיי לויפען.

§ 9. סעמפּעל באַלאט זאָל געשיקט ווערען צו יעדען מעמבער בעפאָר די וואַהלען.

§ 10. קיין מעמבער קען ניט לויפען פאר 2 הויפּט אמטען, יעדער בעאמטער קען אָבער לויפען פאר א דירעקטאָר אָדער אַלס מעמבער אין איר־גענד וועלכע קאָמיטע.

§ 11. נאָך דעם ווי דער באלאט ווערט אי בערגעגעבען צום מעמבער דארף ער מאכען איין קראָס לעבען דעם נאָמען פון קאנדידאט פאר ווע־מען ער וויל וואוטען און דאן איבערגעבען דעם באלאט אום אריין צו לייגען אין באלאט באקס.

§ 12. דער באלאט מוז אריין געלייגט ווערען אין באקס אין געגענווארט פון וואוטער.

§ 13. ווען דער באלאט ווערט געספוילט קען ער פערלאנגען אַ צווייטען און אדריטען ווען עס איז נויטיג. דער געספויעלטער באלאט מוז אָבער צוריסען ווערען אין געגענווארט פון דיא באָרד אָף עלעקשאָן.

§ 14. נאָך דעם ווי די עלעקשאָן איז געשלאָ־סען דארף די באָרד אָף עלעקשאָן צעהלען דיא וואוטס פּראָטאָקאָלירען דאָס אויף פּאפּיר און דעם רעזולטאט בעקאנט מאכען פאר'ן מיטינג.

§ 15. קיינע פּראָטעסטען קענען ניט געמאכט ווערען געגען עלעקשאָנס נאָך דעם ווי די וואוטס זיינען איבער געצעהלט און פּראָטיקאָלירט גע־וואָרען.

§ 16. ווען אַ מעמבער דיינקט אַז די וואהל איז ניט קיין ריכטיגע בעפאָר די וואוטס זיינען גע־ציילט, דאן זאָל ער דאָס פאָרברייננגען פאר'ן פּרע־זידענט פון דער סאָסייעטי און דער פּראָטעסטי־רענדער זאָל אנוועזענד זיין ביים ציילען דיא וואוטס.

§ 17. א מעמבער וועלכער לויפט פאר איר־גענד וועלכען אמט איז ניט ערלויבט צו זיין א מעמבער פון די באָרד אָף עלעקשאָן.

§ 18. אין פאל ווען איינינע קאנדידאטען האָבען באקומען א גלייכע צאָהל שטימען פאר'ן זעלבען אמט, דאן זאָלען די יעניגע קאנדידאטען וועלכע האָבען די קלעהנסטע צאָהל שטימען בא־קומען, פון דער ליסטע ארונטער גענומען ווערען, און שטים וואהלען זאָל שטאטפינדען צווישען די קאנדידאטען וועלכע האָבען די גלייכע צאָהל שטי־מען באקומען.

## ארטיקעל 7.

## פליכטען פון אָפיסערם.

### פרעזידענט

§ 1. דער פרעזידענט זאָל זיין דער פאָרזי־צענדער ביי יעדען מיטינג פון דער סאָסייעטי, און זאָל פיהרען די מיטינגען אין אָרדענונג, און ער דארף זיין נייטראל אין אלע פערהאנדלונגען און דארף קיין אנטהייל נעהמען אין קיינע דעבאטע מיט דער אויסנאהמע ווען ער דארף געבען איין ערקלעהרונג, אָדער איין ענטשיידונג איבער שטרייט פראגען, ער מוז אויפפאסען דאָס דיא קאָנסטיטושאָן און אלע רולס זאָלען פינקטליך אָפּ־געהיט ווערען, ער מוז אכטונג געבען אז אלע אָפיסערס און קאָמיטעס זאָלען זייערע פליכטען פינקטליך ערפיהלען. ער האָט דאָס רעכט צוא

אפּוינטען דיא מאיאָריטעט מעמבערס פון יעדער קאָמיטע, ער מוז אכטונג געבען אויף דיא עלעק־שאָנס וועלכע שטאטפינדען ביי דעם מיטינג, און ער דארף ערקלעהרען אלע נייע אויף גענומענע קאנדידאטען אַלס מעמבערס. ער האָט דאָס רעכט צו שטראפירען אָפיסערס און קאָמיטעס פאר פער־נאכלעסיגען זייערע פליכטען.

§ 2. דער פּרעזידענט האָט קיין רעכט צוא שטימען אין קיינע פראגען, בלויז אין פאל ווען עס איז דאָ אַ גלייכע צאָהל שטימען דערפיר און דאגעגענט, האָט ער דאָס רעכט מיט זיין שטימע צו ענטשיידען, ער האָט אָבער אַ רעכט צו שטימען אין עלעקשאָן פאר בעאמטע און פאר נייע קאנ־דידאטען.

§ 3. ווען דער פּרעזידענט וויל אנטהייל נעהמען אין אַ דעבאטע מוז ער פארלאָזען זיין טשער אויף דער גאנצער צייט, ביז דיא דעבאטע ווערט געשליכטעט.

§ 4. דער פּרעזידענט מוז האלטען ביי זיך די באנק ביכער, דעם זיגעל און אלע אנדערע נויטיגע דאָקומענטען פון דער סאָסייעטי, ער מוז אונטער־שרייבען אלע טשעקס, רעסיטס און אלע אנדערע נויטיגע פאפירען פון דער סאָסייעטי.

§ 5. דער פּרעזידענט האָט דאָס רעכט מאכען איין אויסגאבע פון 5 דאָלאר אָן דעם מיטינג צו פרעגען, ביים נעקסטען מיטינג מוז ער דאָס רע־פּאָרטען צום מיטינג.

§ 6. דער פּרעזידענט מוז געבען אַלע אנט־וואָרטען אויף אלע פראגעןביים מיטינג.

§ 7. ווען איין נייער פּרעזידענט ווערט ער־וועהלט, מוז דער אלטער פּרעזידענט אלע זאכען וואָס בעלאנגען צו דער סאָסייעטי, ווערטהע פּאַ־פּירען, דאָקומענטען, דעם זיגעל און אויך דיא באנק ביכלאך מיט דעם סיגנעטשור דעם נייעם פּרעזידענט איבער געבען, און ווען ער וויל דאָס ניט טאָהן זאָל ער פון דער חברה אויסגע־שלאָסען ווערען און געריכטליך דורך קאָרט ביי איהם אָפּגענומען ווערען. דער אלטער פּרעזידענט האָט דאָס רעכט צו פאָדערען איין קאָמיטע פון דער חברה און אָנגעבען די אורזאכע וואָרום ער וויל ניט איבער געבען דאָס אייגענטהום פון דער חברה.

## וויים פּרעזידענט

§ 8. די פליכט פון וויים פּרעזידענט איז צו העלפען דעם פּרעזידענט און זיינע פליכטען, ער דארף העלפען האלטען אָרדענונג ביי דעם מיטינג, ער פארנעהמט דעם פּרעזידענט'ס פּלאץ ווען דער לעצטער איז אבוועזענד אָדער ער רעזיגנירט, ער מוז אנוועזענד זיין ביים מיטינג ביז ער ווערט גע־שלאָסען, און ער פארנעהמט דעם פּלאץ ווען דער פּרעזידענט נעהמט איין אנטהייל אין אַ דעבאטע, און ער האָט דאָס רעכט צו אפּוינטען מינאָריטע מעמבערס פון קאָמיטעס, ער איז טשערמאן פון דער פינאנס קאָמיטע.

§ 9. די פליכט פון אַ טרעזשורער איז, דיא אלע איינאהמע פון פינאנס סעקרעטער צו עמפּפאנגען, אַ רעסיט דארף ער ארויס געבען, און די געלד גלייך דעפּאזיטען אין אַזעלכע בײנק וועלכע די סאָסייעטי וועט איהם אָנצייגען.

§ 10. ער זאָל פיהרען אַ ריכטיגען בוך פון די איינאהמע און אויסגאבען פון דער סאָסייעטי, און זאָל דעם רעכענונג בוך האָבען גרייט צו יערען צייט צום עקזאמינײשאָן אויפ׳ן פארלאנג פון פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי.

§ 11. ער זאָל אויסצאָהלען אללע סאָסייעטי אנווייזונגען וועלכע זיינען אויסגעמאכט ביי פינאנס סעקרעטער גוט געהייסען פון דעם מיטינג און אונטער געשריבען פון פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי.

§ 12. ער מוז אנוועזענד זיין צו יערען קוואַרטעליכען פינאנס קאָמיטע אונטערזוכונג, אם ענדע פון זיין טערמין מוז ער איבער געבען אלע געלדער און דאָקומענטען פון דער סאָסייעטי אין בעסטען אָרדענונג צו זיין נאָך־פאָלגער, אונד אויב ער רעפיוזט דאָס צו טאָהן איז ער אונטערוואָרפען אונטער דיא לאָה פון פּערעגראף 7 ארטיקעל 7.

§ 13. דער פינאנס סעקרעטער מוז אנוועזענד זיין ביי ערעפענונג פון מיטינג ביז ער ווערט גע־שלאָסען.

§ 14. ער מוז פיהרען ריכטיגע רעכענונגען פון די איינאַהמע און אויסגאבען לויט נאָך דיא סיסטעמע וואָס די סאָסייעטי באשליסט.

§ 15. נאָך יעדען מיטינג מוז ער דער סאָ־סייעטים געלד וואָס ער האלט, דעם טרעזשורער איבער געבען און אַ רעסיט דערפיר באקומען.

§ 16. נאָך יעדען מיטינג מוז ער אַ ריכטיגען טאָטאָל פון דיא איינאַהמע און אויסגאבען צום רעקאָרדינג סעקרעטער צושטעלען.

§ 17. ער זאָל פארפערטיגען יעדען 4טעל יעהרליכען פינאנס בעריכט און אריין ברייגגען איין פולען רעפאָרט פון דיא פינאנציעלע צושטענ־דע פון דער סאָסייעטי. 3 טעג בעפאָר די ערשטע און לעצטע איינצאָהלונג זאָל ער שיקען ריכטיגע בילס פון דיא שולדען צו דיא מעמבערס און אויף אזא ביל זאָל דייטליך זיין אויסגעשריבען דיא דיוס, אסעסמענטס, טעקסעס, שטראפען, און אזוי ווייטער פון דעם מעמבער, ער זאָל שיקען רעגיסט־רירטע לעטערס צו דיא מעמבערס וועלכע צאָהלען ניט איין זייערע שולדען צו דער לעצטער איינ־צאָהלונג, און דורך דיזע לעטערס נאָך אַמאָהל זיי אויף פאָדערען צו באצאָהלען זייערע שולדען.

§ 18. ער דארף אויסשרייבען אין א בע־
זונדערער ליסטע די נעמען פון די מעמבערס וואס
האבען זייערע שולדען ניט איינגעצאהלט נאך דעם
ווי ער האט זיי געשיקט רעגיסטרירטע לעטערס
און צום שטרייך אבענד פארלעזען.

§ 19. ער זאל שיקען סוספענדירענס לעטערכ
וועלכע זיינען סוספענדירט, ער דארף בעזארגען
אלע קארעספאדענצען פון דער סאסייעטי וועלכע
האבען איין פינאנציעלען כאראקטער. ער מוז
שריפטליך אויף פאדערען אלע מעמבערס צו קו־
מען צו דיא רעגעלע, גענעראלע און ספעציעלע
מיטינגען.

§ 20. ווען א מעמבער אדער א מעמבערס
פרוי שטארבט ח"ו מוז ער אנזאגען ווענען דעם
דעם פרעזידענט פערזענליך און אויפפאדערען אלע
מעמבערס צו דער לויה.

§ 21. ער זאל צו יעדער צייט זיין גרייט דיא
ביכער איבער געבען צו אונטערזוכען אויפ'ן
פערלאנג פון פרעזידענט פון דער סאסייעטי.

§ 22. ער מוז ביי יעדען 4טעל יעהרליכען אונ־
טערזוכונג פון דער פינאנס קאמיטע אנוועזענד זיין
און דיא פינאנס קאמיטע דיא נויטיגע אויסקינפטע
געבען ער זאל דיא ביכער און דיא נויטיגע דאקו־
מענטען אין ארדענונג האלטען, און דאס זעלבע
צו זיין נאכפאלגער אין בעסטען ארדענונג איבער־

געבען, אין פאל ער טוהט עס ניט קען ער אונטער איין קלאגע געשטעלט ווערען.

§ 23. ער זאָל דיא ליסטע פון דיא מעמבערס צום דאָקטער איבער געבען, און אויך אַ ליסטע פון דיא מעמבערס און זייערע אדרעסען יעדען קווארטעל צום האָספּיטאלער צושטעלען.

§ 24. ווען ער איז אבוועזענד מוז ער דיא ביכער צושיקען צו דער סאָסייעטי ניט שפּעטער פון דער רעגולע צייט וואָס דער מיטינג ערעפענט זיך. פארפעהלט ער עס צו טאָהן, דאן זאָל אַלס שטראפע 2 וואָכען סאלארי פון איהם ארונטער גענומען ווערען.

## רעקאָרדינג סעקרעטער

§ 25. דער רעקאָרדינג סעקרעטער מוז אנוועזענד זיין ביי דער ערעפענונג פון יעדען מיטינג ביז ער ווערט געשלאָסען.

§ 26. ער דארף פיהרען אַ ריכטיגען פּראָטיקאָל פון יעדען מיטינג און אלע פערהאנדלונגען ריכטיג פערשרייבען, ער דארף אלע קאָמיטעס שטריפטליך איין בערופען.

§ 27. ער זאָל אלע איינאַהמע און אויסגאבען אין פּראָקטיקאָל אריינשרייבען און עס פּאָרלעזען ביי יעדען מיטינג, ער מוז אנוועזענד זיין ביי דער פינאנס קאָמיטע מיט דיא ביכער.

§ 28. ער איז פעראנטוואָרטליך פאר אלע דאָקומענטען און ביכער וואָס איז אין זיין בעזיץ.

§ 29. ווען זיין טערמין ענדיגט זיך מוז ער אללעם וואָס איז איהם אָן פערטרויט געוואָרען צו זיין נאָכפאָלגער אין בעסטען אָרדענונג איבער־געבען.

§ 30. ער דארף ביי יעדען פאָרשלאַג אָדער וואַהל דיא צאָהל שטימען פּראָטאָקאָלירען.

§ 31. ער זאָל פיהרען אלע קאָרעספאנדענציעס פון דער סאָסייעטי וועלכע טראָגען ניט קיין פינאנ־ציעלען כאראקטער, אין פאָל ער איז אבוועזענד מוז ער דיא ביכער צושיקען צו דער סאָסייעטי ניט שפּעטער ווי דיא רעגעלע צייט וואָס דער מי־טינג ערעפענט זיך. פערפעהלט ער דאָס צו טאָהן דאן זאָל אַלס שטראפע 2 וואָכען סאלארי פון איהם ארונטער גענומען ווערען.

## האָספּיטאלער

§ 32. דער האָספּיטאלער איז פארפליכטעט ווען ער ערהאלט איין מעלדונג פון איין קראנקען ברודער גלייך איהם צו באזוכען און זעהן אז דער קראנקער זאָל אטענדעט ווערען פון אונזער דאָק־טאר.

§ 33. ער זאָל דאָרטען איין קאָמיטע ליסטע לאָזען אויף וועלכע דיא קאָמיטעס וואָס באזוכען דעם קראנקען מוזען אונטער שרייבען און פאר־צייכנען דיא צייט און דיא דאטום פון זייער באזוך.

§ 34. דיא ליסטע מוז ער אין דער סאָסייעטי צו יעדען מיטינג אריין ברייננגען, ער זאָל ביי זיך האָבען איין אדרעס בוך פון דיא מעמבערס, און ארויס שיקען לעטערס צו דיא מעמבערס אז זיי זאָלען דעם קראנקען באזוכען.

§ 35. אלע דאָקטאר סערטיפיקייטס מוזען פון איהם אונטערגעשריבען ווערען, ער זאָל אויפפאַסען אז דיא קראנקען בענעפיט זאָל אין דער ריכטיגער ציט אויס געצאָהלט ווערען.

§ 36. ער מוז אָנגעבען דיא נעמען פון דיא מעמבערס וועלכע ער האָט געשיקט צו באזוכען דעם קראנקען און אויך דיא וועלכע האָבען ניט אטענדעט זייערע פליכטען. ער מוז באזוכען קראנקע מעמבערס פון אָנפאנג פון יעדער וואָך און ביי ענדע פון יעדער וואָך.

טראָסטיס

§ 37. דיא באנק טראָסטיס מוזען זעהן אז אלע געלדער זאָלען אין באנק אריינגעלייגט ווערען, זיי מוזען סיינען ווען מען דארף לייהען געלד פון דיא באנק, זיי מוזען האלטען אָרדענונג ביי דיא מיטינגען, זיי מוזען העלפען דעם פרעזידענט מיט ראטה און טהאט.

§ 38. ווען דיא טראָסטיס טוהען ניט זייערע פליכטען האָט דאָס רעכט דער פרעזידענט צוב נעקסטען מיטינג אריין ברייננגען איין קלאגע און ערעקטען אנדערע אויף זייערע פלעצער.

## אינער וואכער

§ 39. דער אינער וואכער איז פארפליכטעט צו זיין דער ערשטער אנוועזענד אין לאָקאל ביי אלע מיטינגען, און ניט אריין לאָזען קיינע קאָמי־טעס אָן דיא ערלויבעניש פון פרעזידענט, ער זאָל זעהן אז עס זאָל הערשען אָרדענונג ביים מיטינג.

§ 40. ער זאָל קיין מעמבער פון דער סאָסיי־עטי ניט ארויס לאָזען פון לאָקאל ווען אַ דעבאטע אָדער רעדע ווערט געהאלטען און דער דעבאטי־רענדער אָדער רעדנער שטעהן אויפ'ן פלאָר.

## באָרד אָף דירעקטאָרס

§ 41. דיא באָרד אָף דירעקטאָרס זאָל באַ־שטעהן פון 7 מעמבערס, זיי זאָלען מיטען 1 מאָהל אין 2 וואָכען אין אזא צייט וועלכע זיי זעלבסט באשטימען, און זעהן צו פערהאנדלען אלעס וואָס איז וויכטיג פאר דער סאָסייעטי און דאָס רעקאָ־מענדירען צו דער סאָסייעטיס מיטינגען.

§ 42. ווען זייערער אַ פונקט פאלט דורך ביי אַ מיטינג פון דער סאָסייעטי מיט אַ דריטעל פון מיטינג, האָבען זיי דאָס רעכט עס אויסצובעסערען און פאָרצובריינגען עס נאָך איין מאָהל צום נעק־סטען מיטינג.

§ 43. אין פאל פון שטיצע איז נויטיג פאר אַ מעמבער, האָט דיא באָרד אָף דירעקטאָרס דאָס רעכט צו רעקאָמענדירען צום מיטינג שטיצע, נאָר ניט מעהר פון 10 דאָלאר.

§ 44. ווען א מעמבער פון דיא באָרד אָף די־
רעקטאָרס קומט ניט צו א דירעקטאָר מיטינג ווערט
ער שטראפירט מיט 25 סענט און ווען ער קומט
ניט 2 מאָהל אין סוקסעשאָן ווערט ער שטראפירט
מיט 50 סענט און ווערט אויסגעשלאָסען פון זיין
אמט, סיידען ער גיט אָן ריכטיגע אורזאכען פאר
זיין אבוועזענדהייט.

§ 45. איין מאָהל אין צוויי וואָכען זאָל דער
טשערמאן אָדער סעקרעטער פון דיא באָרד אָף די־
רעקטאָרס אָפּגעבען א בעריכט פון זייער מיטינג.

§ 46. דיא באָרד אָף דירעקטאָרס האָט דאָס
רעכט צו אונטערזוכען דיא פינאנס ביכער צוא
יעדער צייט.

§ 47. צו דיא מיטינגען פון דיא באָרד אָף
דירעקטאָרס האָט קיין מעמבער קיין רעכט אנווע־
זענד צו זיין.

## ארטיקעל 8.

## חברה קדישא און זייערע פליכטען.

§ 1. דיא חברה קדישא ווערען אפּוינטעט פון
דער חברה אויף אלע מאָהל.

§ 2. דיא חברה קדישא דארפען זיין ניט
ווייניגער פון 12 מאן.

§ 3. דיא חברה קדישא זאָל באשטעהן פון
אָרענטליכע און שומרי שבת.

§ 4. דיא חברה קדישא זאָל ערוועהלען יעדען יאָהר, ט"ו כסליו, איין גבאי ראשון אונד איין גבאי שני.

§ 5. ווען דיא חברה קדישא ווערען פערלאנ־גען דאָס איהר צאָהל זאָל פארשטארקט ווערען, דאָס הייסט, זיי ווילען פערלאנגען נאָך איינינע חברה קדישא לייט, זאָל דער פערלאנג בעווילינט ווערען.

§ 6. ווען איין מעמבער ר"ל גוסס'ט זאָל דער שמש דיזעס גלייך מעלדען דעם גבאי און דער גבאי מוז גלייך צום גוסס'טען קומען ביי יציאת הנשמה, דאָס איז אויב עס איז מעגליך אטענדען.

§ 7. ווען דער גוסס ר"ל איז נפטר געוואָרען זאָל דער גבאי פארזאָרגען דיא מתעסקים וואָס זיי האָבען צו טאָהן, יעדערער זיין פליכט.

§ 8. דער גבאי זאָל זעהן דאָס אלעס ביי א טויטען פאל זאָל אין אָרדענונג זיין.

§ 9. דיא גבאים מוזען דיא ערשטע ביים טוי־טען פאל זיין.

§ 10. דיא גבאים מוזען נאָך קומען געהן מיט אלע אידישע מנהגים און דינים ביי א טויטען פאל.

§ 11. ווען דיא מתעסקים ווע‍לען דיא גבאים ניט פאָלגען זאָל דער גבאי ראשון פאָרברייננגען איין קלאגע צום מיטינג אונד ער ווערט באשטראפט מיט 1 דאָלאר, ווען עס איז איבערצייגט אז ער איז שולדיג.

§ 12. דער גבאי האָט דאָס רעכט צו זאָגען פיעל מתעסקים עס זאָלען פאָהרען אויפ'ן בית־עולם ביי איין לויה ר"ל.

§ 13. אלע אויסגאבען ביי איין שטערבען פעלע ר"ל האָט דער פרעזידענט דאָס רעכט אויס־צוגעבען ביז $5.00 אָהנע דעם מיטינג, און אויב דער פרעזידענט איז אבוועזענד האָט דאָס רעכט דער גבאי ראשון ביז 5 דאָלאר.

§ 14. דער גבאי מוז אנוועזענד זיין ביי יע־דען ערשטען מיטינג נאָך איין טויטענס פאל ר"ל און איין רעפּאָרט אָפּגעבען פון דעם טויטענס פאל ר"ל.

§ 15. אחרון של פסח און יום שני של שבועות און שמיני עצרת, האָבען דיא גבאים פון חברה קדישא דיא עהרע צו שטעהן ביים ספר תורה בעת קריאת התורה, און זיי האָבען דאָס רעכט דיא עליות און כבודים צו פארטיילען אונד מכבד זיין וועמען זיי ווילען.

§ 16. יעדען ט"ו כסלו באקומען דיא חברה קדישא פון דער חברה אויף איין סעודה צו מאַ־כען, און זיי דארפען פאָהרען אויפ'ן סעמעטערי זאָגען סליחות און פאסטען כמנהג דליטא.

§ 17. אונד דיא אויסגאַבען פון דער סעודה זאָל זיין לויט דיא אָפּשטימונג פון דיא ברידער פון דער חברה 25 דאָלאר.

§ 18. מתעסקים זיינען אונטער דאָס זעלבע טעקסעס וויא אללע מעמבערס.

§ 19. ווען דער גבאי וועט ניט אטענדען זיינע פליכטען ווערט ער פון דעם מיטינג באשטראפט מיט 2 דאָלאר.

§ 20. ווען איינער פון דיא בעלי מתעסקים ווערט באשטראָפט 3 מאָהל לויט דעם געזעץ פון דער חברה, זאָל ער צום 4טען מאָהל אויסגעשלאָ־סען ווערען פון דער חברה קדישא אויף אימער.

§ 21. ביי אַ טויטען פאל ר"ל דארף קיינער ניט געהן מיט קיין צדקה באקסעס.

§ 22. מתעסקים מוזען אויך אטענדען צוא איין בר מנן ר"ל ווען דער מת איז קיין מעמבער ניט, אָדער מען פארקויפט איין קבר, נאָר זייא מוזען קריגען באצאָהלט נאָך דעם באשלוס פון פרעזידענט מיט דיא גבאים.

## פליכטען פון מעמבערם

§ 1. ביי דער ערעפענונג פון מיטינג איז יע־
דער מעמבער פארפליכטעט זיך אויף צו פיהרען
אזוי רוהיג אז דער רעדנער זאָל קענען געניסען
זיין רעכט, עס איז דאָ אן אלגעמיינע רול וועלכע
דיא פארפליכטקייט און אנשטענדיקייט פערלאנגט
אז ווען איינער האלט אין רעדען דארפען די אלע
אנדערע מעמבערס זיך פערהאלטען רוהיג, ניט
רעדען צווישען זיך, ניט דורך געהן צווישען רעד־
נער און פרעזידענט, ניט ארום שפאצירען אין לאָ־
קאל, און ניט טאָהן א זאך וואָס קען שטערען אָדער
בעאומרוהיגען דעם רעדנער. דיא הויפט זאך איז
ניט צו שטערען דעם אנדערען צוא געניסען זיינע
רעכטע, קיינער דארף ניט נעהמען פון שרייב־טיש,
פון סעקרעטער אָדער פרעזידענט פאפירען אָדער
דאָקומענטען און שרייב זאכען.

§ 2. א רעדנער אין דעבאטע דארף ניט אונד
טאָר ניט אָן רופען אן אנדער מעמבער ביים נאָמען
אָדער זאָגען דער מאן וואָס האָט גערעדט בעפאָר
מיר, אָדער דער מאן וואָס האָט געמאכט א פאָר־
שלאג, איבערהויפט זיך אָפצוהיטען און זיך ער־
ווייטערען פון פערזענליכקייטען, בעליידיגונג געגען
א מעמבער, שטעך ווערטער, דראָהונגען, ארוים־
רופנגען, דאָס אלעס ווערט באטראכט אלס העכסט
אונ־אנשטענדיג אונד אלס זעהר שלעכטע באנעה־
מונג.

§ 3. יעדער מעמבער האָט דאָס רעכט ארויס־
צוזאָגען זיין מיינונג און זיינע אנזיכטען איבער
דער פראגע וואָס ווערט דיסקאָטירט, און ניט איבער
אנדערע זאכען, ער דארף רעדען רוהיג, געלאסען
און אנשטענדיג, זעלבסט פארשטענדליך אז דער
רעדנער דארף ניט געברויכען און־אנשטענדיגע
ווערטער, אָדער רעדען מיט פאראכטונג, אָדער אין
אַ ניט שעהנע שפּראַך געגען דיא באשליסע פון
דער פערזאמלונג, ער קען נאָר רעדען, באווייזען
אַז דיזער פּאָרשלאַג אָדער אזא פערהאנדלונג קען
בריינגען שאדען דיא מעמבערס אָדער דער פער־
זאמלונג.

§ 4. עס איז דיא פליכט פון יעדען מעמבער
דאָס ווען ער מופט צו לאָזען וויסען דעם פינאנס
סעקרעטער אין פערלויף פון 14 טעג, טוהט ער
דאָס ניט קען ער קיינע קלאגען ניט אריין בריינגען
געגען דיא פאָלגען וואָס קענען דורך דיזעס פער־
אורזאכט ווערען.

§ 5. ווען אַ מעמבער ערהאלט אַ פּאָסטעל
קארד צו באזוכען אַ קראנקען מעמבער, איז זיין
פליכט דאָס ריכטיג צו ערפיהלען און אריין בריינ־
גען אַ בעריכט צו דער סאָסייעטי, פאר ניט בעזוכען
אַ קראנקען ברודער ווערט ער שטראפירט מיט 1
דאָלאר, דיזע שטראפע קען ניט ענטלאסען ווערען

§ 6. קיין מעמבער זאָל דעם צווייטען ניט
אויף ווארפען אז ער האָט באקומען שטיצע פון
דער סאָסייעטי ביי אַ פיינעם מיטינג, און ווען ער
טוהט דאָס, קען ער געשטעלט ווערען אונטער אַ
קלאגע.

§ 7. יעדער מעמבער איז פארפליכטעט אָן צו נעהמען אין קאָמיטעס און עס ריכטיג אטענ־דען.

§ 8. יעדער מעמבער איז פארפליכטעט צוא פאָלגען און געהארכזאם זיין ווען דער פרעזידענט רופט צו אָרדער, טוהט ער דאָס ניט קען ער פון פרעזידענט שטראפירט ווערען מיט 1 דאָלאר, אָדער צו נעהמען פון איהם דאָס וואָרט אויף 3 מיטינ־גען, אָדער ביידע, און אויך אונטער א קלאגע גע־שטעלט ווערען.

§ 9. ווען א מעמבער פערלאנגט דאָס וואָרט מוז ער זיך אויף שטעלען אָדער אויף הויבען זיין האנט און אדרעסירען דעם פאָרזיצענדעם ביי זיין טיטעל, אזוי אז דער לעצטער זאָל איהם קענען באמערקען, פארפעהלט ער דאָס צו טאָהן קען ער קיינע קלאגן אויפהויבען דאָס ער האָט זיין וואָרט ניט באקומען.

§ 10. ווען א מעמבער נעהמט זיך דיא פריוי־הייט ארויס צו געבען סעקרעטען פון דיזער סאָ־סייעטי וועלכע קאָנען שאדען דער סאָסייעטי אָדער איהרע מעמבערס, קען דיזער מעמבער אָנגעקלאגט ווערען און בעשטראפט ווערען.

§ 11. יעדער מעמבער איז פארפליכטעט שטרענג אָפצוהיטען דיא קאָנסטיטושאָן, און נאָכ־קומען אלע געזעצע פון דער סאָסייעטי.

ארטיקעל 10.

## צאָהלונגען און שטרייכונגען

§ 1. יעדער מעמבער מוז באצאָהלען אללע זיינע שולדען ניט שפּעטער ווי צום לעצטען איינ־צאָהלונג פון קווארטאל.

§ 2. נאָך דעם 3טען מיטינג פון אָנפאנג קווארטאל זאָל געשיקט ווערען צו דיא מעמבערס בילס מיט דיא איינצעלהייטען פון דיא שולדען און זיי בענאכריכטען ווען דיא לעצטע איינצאָה־לונג וועט שטאטפינדען.

§ 3. ווען א מעמבער איז צום אָוועגד פון לעצטע איינצאָהלונג שולדיג מעהר ווי 50 סענט, זאָל דער פינאנס סעקרעטער איהם שיקען א רע־גיסטרירטען לעטער מיט א נאָטיס אז אין פאל ער באצאָהלט ניט דיא סומע און גיט ניט אָהן קיין גענוגענדע אורזאכע פאר ניט צאָהלען ביז צום שטרייך אָוועגד, וועלכע איז 1 מיטינג נאָך דיא לעצטע איינצאָהלונג, ווערט ער געשטראכען אַלס מעמבער. דער מעמבער מוז דאן צוא דער באַ־שטימטער צייט זיינע פולע שולדען באצאָהלען צו־זאמען מיט דיא פּאָסט עקספּענס פאר דעם רע־גיסטרירטען לעטער, פארפעהלט דער מעמבער דאָס צו טאָהן ווערט ער געשטראכען אַלס מעמבער פון דער סאָסייעטי.

§ 4. אבוועזענהייט פון שטאָדט אָדער ניט ער־האַלטען דעם רעגיסטרירטען לעטער איז קיין ענט־שולדיגונג, און דער מעמבער ווערט אם שטרייך אוועגד אויסגעשטראכען פון דער סאָסייעטי.

§ 5. ווען אַ מעמבער איז קראנק אָדער זיצט שבעה אין צייט פון שטרייך אבענד, ווערט ער ניט געשטראכען, זאָנדערען דיא שולדען ווערען ארונטער גערעכענט פון דיא קראנקען אָדער שבעה בעזיצער.

§ 6. שטרייך אבענד איז איין מיטינג נאָך דער דזשענעראל מיטינג, לעצטע איינצאָהלונג איז צו יעדער דזשענעראל מיטינג.

§ 7. אסעסמענט, שטראפען און אנדערע שולדען זיינען וויא דיוס, און דער מעמבער ווערט געשטראכען ווען ער באצאָהלט ניט צום לעצטען איינצאָהלונג.

§ 8. ווען אַ מעמבער איז ניט אומשטאנד צוא באצאָהלען זיינע שולדען אין דער סאָסייעטי און פערלאנגט אז מען זאָל איהם אויסווארטען, דאן זאָל אַ קאָמיטע אונטערזוכען און אריין ברייננגען איין רעפּאָרט ניט שפּעטער וויא צום נעקסטען מיטינג, אויב עס ווערט בעוויזען אז דער מעמבער קען ווירקליך ניט באצאָהלען זיינע שולדען זאָל עס דיא סאָסייעטי איהם אויסווארטען ביז נעקסטען קווארטאל.

§ 9. אַ מעמבער וואָס פערלאנגט אז מען זאָל איהם אויסווארטען זיינע שולדען מוז ערשיינען צום מיטינג פערזענליך ניט שפּעטער וויא צו דיא לעצטע איינצאָהלונג.

§ 10. און אז דער מיטינג בעווילינט זיין פאר־לאנג איז ניט מעהר וויא אויף איין קווארטאל, אויסער דיא אינשורענס מוז דער מעמבער בעצאהלען.

§ 11. א מעמבער וועלכער רייזט אפ ניט מעהר ווי אויף 6 מאנאטען צייט און איז גוט שטעהענד אין דיא ביכער קען ארויסנעמען א רייזע קארד, און ווען ער קומט צוריק און בריינגט א גינסטיגען דאקטאר אטעסט, ווערט ער אנערקענט אלס איין אלטער מעמבער, דורך דער גאנצער צייט פון זיין אבוועזענהייט איז ער ניט בארעכטיגט צוא קיין בענעפיט, ענדאומענט און באערדיגונג קאסטען נאר סעמעטערי, ער איז אבער פריי פון דיוס, טעקסעס, ענדאומענט און אסעסמענט.

§ 12. אם שטרייך אוועגד נאך דעם וויא דער פינאנס סעקרעטער בעריכטעט דיא נעמען פון דיא מעמבערס וואס זיינען צום שטרייכען, זאל דער פרעזידענט זאגען; איך ערקלעהר דיא מעמבערס פאר ניט נאכקומען דיא פליכטען לויט אונזער קאנ־סטיטושאן אויסגעשלאסען אלס מעמבערס פון אונ־זער סאסייעטי.

§ 13. נאך דעם וויא א מעמבער ווערט גע־שטראכען זאל איהם דער פינאנס סעקרעטער שיקען א לעטער וואו ער זאל איהם ערקלעהרען דאס ער איז געשטראכען פון אונזער סאסייעטי און זאל איהם אויפמערקזאם מאכען דאס ער קען איינ־צאהלען זיינע שולדען ביז צום נעקסטען רעגעלען מיטינג.

§ 14. דיזע פריווילעגיע ווי ביז'ן נעקסטען רע־
געלע מיטינג איז נאָר פאר מעמברס וואָס זיינען
געשטראכען געוואָרען פאר ניט צאָהלען קיין דיוס,
אָבער ניט פאר דיא וועלכע ווערען אויסגעשלאָסען
פון דער סאָסייעטי פאר אַ פאַרברעכען.

## ארטיקעל 11.

## קראנקען בענעפיט.

§ 1. ווען אַ מעמבער בעלאנגט 6 מאָנאטען
אין דער סאָסייעטי איז ער בארעכטיגט צו קראנ־
קען בענעפיט, מיט דער אויסנאַהמע ווען דיא
קראנקהייט איז אונמאָראלישע אָדער פאראורזאכט
דורך אלקאָהאלע געטראַנקען.

§ 2. ווען אַ מעמבער ווערט קראנק בעפאָר
6 מאָנאטען, קען ער ניט קריגען קיין קראנקען בע־
נעפיט (ביז נאָך דעם ווען עס פאנגט זיך אָן דער
7טער מאָנאט אלס מעמבער אין דער סאָסייעטי).

§ 3. קראנקהייט הייסט ווען דער מעמבער איז
אין אזא צושטאנד דאָס ער איז אומפעהיג צוא
טאָהן זיין באשעפטיגונג.

§ 4. יעדער מעמבער איז בארעכטיגט צוא 80
דאָלאר קראנקען בענעפיט יעהרליך, דיזע סומע
דארף געצאָהלט ווערען צוא 8 דאָלער פער וואָך,
פאר פעריאָדע פון 10 וואָכען, דיזע געלד דארף
אויסגעצאָהלט ווערען צו דעם קראנקען אויף מאָר־
גען נאָך יעדען רעגעלע מיטינג דורך דעם טרע־
זשורער.

§ 5. ווען אַ מעמבער איז קראַנק לייננגער פון 10 וואָכען, דאַן איז ער מעהר צוא קיין קראַנקען בענעפיט ניט בארעכטיגט, (אויב אָבער ער ווענ־דעט זיך נאָך שטיצע, דאַן זאָל מען מיט איהם האַנדלען לויט דיא אָפּשטימונג פון מיטינג מיט דיא צושטימונג פון דיא ברידער).

§ 6. ווען דיא קראַנקהייט איז אָבער אַ כּיראָ־נישע אָדער זיא איז פון אַזאַ כאראַקטער אז עס דאַרף נעהמען אַ גאַנץ לייננע צייט ביז עס ווערט קורירט, אָדער זיא איז אין גאַנצען אונהיילבאַר, דאַן זאָל קיין קראַנקען בענעפיט ניט געצאָהלט ווע־רען, זאָנדערן דער האָספּיטאַלער נאָך דעם ווי ער ערהאַלט דעם בעריכט פון דאָקטאָר איבער דעם כאַ־ראַקטער פון דער קראַנקהייט, בעריכטען צוא אַ מיטינג פון דער סאָסייעטי, און דער מיטינג זאָל אויסאַרבייטען אַ פּלאַן וויא צוא בעזאָרגען דעם קראַנקען מיט זיין פאַמיליע, און דיא 80 דאָלאַר זיין קראַנקען בענעפיט זאָל צוא דיזען צוועק פאַר־ווענדעט ווערען, מיט דיא צושטימונג דורך אַ ספּע־שעל מיטינג, ביז דיא אונטערנעהמונג ווערט רעכט פערטיג מוז געגעבען ווערען שטיצע.

§ 7. ווען דער מעמבער איז אָבער סינגעל, דאַן זאָל דיא געלט פאַרווענדעט ווערען פאַר זיין באַ־קוועהמליכקייט, און וויא אַם בעסטען איהם צוא קורירען.

§ 8. דיא אַלע בעשליסע מוזען אויסגעאַרבייט ווערען פון דער קאָמיטע אין דער זעלבער וואָך וואָס דער דאָקטאָר האָט באַריכטעט איבער דער

קראנקהייט, און אַ פאַלשטענדיגער רעפּאָרט מוז אריין געבראכט ווערען צום נעקסטען מיטינג פון דער סאָסייעטי ביי וועלכען עס דארף אָפּגעשטימט ווערען אויב עס זאָל אָנגענומען ווערען אָדער צו־ריק געוויזען ווערען, פאראגראף 6־7.

§ 9. ווען דער קראנקער אָבער ענטזאגט זיך פון אירגענד וועלכע פּלענער פון דער סאָסייעטי און פערלאנגט זיינע קראנקען בענעפיט וועכענט־ליך, דאַן זאָל איהם דיא קראנקען בענעפיט גע־צאָהלט ווערען לויט פאראגראף 4 פון דיזען אר־טיקעל, ער פארלירט אָבער דאָס רעכט פון איר־גענד וועלכע שטיצע אין פערלויף פון יאָהר.

§ 10. ווען דער קראנקער מעמבער איז פער־רייזט מיט זיין פאמיליע מעהר פון 25 סענט רייזע פון גרעיטער ניו יאָרק, איז ער צו קיין קראנקען בע נעפיט ניט בארעכטיגט, זאָגאר ווען ער צאָהלט זיינע דיוס.

§ 11. ווען אַ מעמבער איז פאר 10 סענט רייזע פון גרעיטער ניו יאָרק, איז ער צוא קראנקען בענעפיט בארעכטיגט.

§ 12. דיא בארעכטיגונג צום וועכענטליכען פון קראנקען בענעפיט פאַנגט זיך אָן פון דעם דא־טום פון פּאָסט מארק צייגט ווען דער קראנקער האָט דעם לעטער ארויס געשיקט צום האָספּיטאַ־לער אָדער פון דעם טאָג וואָס דער קראנקער מעל־דעט זיך פערזענליך צום האָספּיטאלער, אָבער דער קראנקער בענעפיט זאָל אויסגעצאָהלט ווערען נאָך דאַן ווען דיא קראנקען קאָמיטע ברייננט אַ גינס־

טיגען רעפּאָרט פון קראנקען מעמבער צוזאמען מיט א סערטיפיקייט פון אונזער אָפיציעלען דאָקטאר וועלכע באשטעטיגט דייטליך דיא קראנקהייט פון מעמבער, און דאָס צוליעב דיא אורזאכע פון דיזע קראנקהייט קען ער ניט אָטענדען זיין ארבייט, אָדער זיינע ביזנעס.

§ 13. א מעמבער איז בארעכטיגט צו קראנ־קען בענעפיט ווען ער איז קראנק 6 טאָג (אויס־שליסענדיג דיא רוהע טעג, שבת אָדער זונטאג).

§ 14. ווען דער קראנקער מעמבער ליגט אין האָספּיטאל איז קיין קאָמיטע ניט פארפּליכ־טעט איהם צו באזוכען, זאָנדערען ווען ער געהט ארויס פון האָספּיטאל דארף ער דאָרט ארויס נעה־מען א סערטיפיקייט איבער דעם כאראקטער פון זיין קראנקהייט און וויא לאנג ער איז דאָרט גע־לעגען.

§ 15. ווען א קראנקער ליגט ניט צום בעט, און קען אומגעהן, ווערען צו איהם קיינע קאָמי־טעס ניט געשיקט, זאָנדערען ער דארף זיך מעלדען יעדען טאָג צום האָספּיטאלער אָדער צו א מעמבער וועלכע דער האָספּיטאלער וועט איהם אָנצייגען ביז ער ווערט געזונד.

§ 16. ווען א מעמבער איז קראנק אויף אנ־שטעקענדע קראנקהייט אזא שווערע קראנקהייט אז מען טאָר קיינעם צוא איהם ניט צולאָזען, דאן דארף מען צו איהם ניט שיקען קיינע קאָמיטעס, זאָנדערען עס ווערט איהם אויסגעצאָהלט די קראנ־קען בענעפיט אויף דיא באשטעטיגונג פון אונזער אָפיציעלען דאָקטאר.

§ 17. יעדער קאָמיטע מאַן מוז אונטערשריי־
בען זיין נאָמען אויף דעם קראַנקען ליסט אין דעם
טאָג אויף וועלכען ער איז באשטימט געוואָרען.

§ 18. דעם טאָג בעפאָר דעם רעגעלע מיטינג
מוז דער האָספיטאלער בעזוכען דעם קראַנקען צו
נעהמען דיא קראַנקען ליסטע און איבער לאָזען
איין אנדערע, און דיזע ליסטע מוז ער אונטער־
שרייבען און אריין ברייגגען אין דער סאָסייעטי
צוזאמען מיט זיין באריכט.

§ 19. נאָך דעם ווי דער האָספיטאלער ווערט
באריכטעט פון אַ קראַנקען זאָל ער אויף פאָדערען
דעם סאָסייעטי דאָקטאָר צוא בעזוכען דעם קראַנ־
קען מעמבער, אַמווייניגסטען דעם ערשטען און
לעצטען טאָג פון יעדע וואָך פון זיין קראַנקהייט.

§ 20. ווען אַ קראַנקער מעמבער ווערט אטענ־
דעט פון אַ פרעמדען דאָקטאָר איז דער סאָסייעטי
דאָקטאָר איהם פארפליכטעט צוא בעזוכען דעם
ערשטען און לעצטען טאָג פון יעדע וואָך פון זיין
קראַנקהייט, און צושטעלען איין סערטיפיקייט
איבע דעם כאראקטער פון זיין קראַנקהייט צום
סאָסייעטי מיטינג.

§ 21. ווען עס טרעפט איין עקסידענט מיט אַ
מעמבער און ווען דיא קיים איז אַ לייכטע דארף
ער קריגען קראַנקען בענעפיט, ווען ער ווערט
אָבער אַ קריפּעל און אומפעהיג צוא ארבייטען, דאַן
זאָל ער באַהאַנדעלט ווערען ווי אין פאראגראף 6
אין דיזען ארטיקעל.

§ 22. ווען א מעמבער ווערט קראנק דורך זיין אייגענער שולד, וויא צ״ב ער טרייט צוא באנגעהן זעלבסטמאָרד, אָדער ער שטעלט זיך אין אַ אונ־נויטיגע לעבענס געפאהר, און ער ווערט דאדורך פארוואונדעט אָדער קראַנק איז ער ניט בארעכ־טיגט צוא קראנקען בענעפיט.

§ 23. ווען אַ געוועזענער קראנקער ברודער ווערט געזונד, מוז ער דעם זעלבען טאָג בעריכטען דעם האָספּיטאלער ווענגען דעם. ווען אָבער ער מעלדעט ניט דעם האָספּיטאלער דעם זעלבען טאָג ווען ער איז געזונד געוואָרען, ווערט ער שטראַ־פירט מיט 1 דאָלאר.

## ארטיקעל 12.

## טויטען פאל.

§ 1. ווען א מעמבער שטארבט און דער פי־נאנס סעקרעטער ווערט דערפון באריכטעט, זאָל ער גלייך לאָזען וויסען דעם פּרעזידענט און וויים פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי.

§ 2. און ווען דער פּרעזידענט און וויים פּרע־זידענט ווערען דערפון באריכטעט, זאָלען זייא גלייך אָנזאָגען דער חברה קדישא וועלכע זאָלען האלטען וואך איבער דעם פערשטאָרבענעם. דער פּרעזידענט זאָל זיך באגעגנען אין פארשטאָרבע־נעם׳ס הויז און פרעגען דיא אבלים ווען זיי ווינ־שען דער פערשטאָרבענער זאָל באערדיגט ווערען.

§ 3. נאָך דעם וויא ער האָט דיא נויטיגע אינ־פאָרמאציען זאָל ער קריגען דעם טויטען שיין און דאן אָרדערען דעם אנדערטייקער צו קריגען דעם נויטיגען פערמיט, און באזאָרגען אז דער לייכען וואָגען און קערידזשעס זאָלען אטענדען אין צייט נאָך דעם זאָל דער פרעזידענט אינסטראַאירען דעם קיפּער צו מאכען פערטיג א קבר פאר דעם פערשטאָרבענעם און זאָל אויף פאָדערען דעם פי־נאנס סעקרעטער צו בענאכריכטען די מעמבערס זיי זאָלען קומען אָפּגעבען דעם טויטען דיא לעצטע עהרע.

§ 4. דער פינאנס סעקרעטער זאָל דאן דורך פּאָסטעל קארדס אָדער דורך איין אנאנסע אין איין טעגליכע צייטונג בעריכטען דיא מעמבערס, אז זיי זאָלען ערשיינען אין א בעשטימטער שטונדע אויף א בעשטימטען פּלאץ אום אנטהייל צו נעהמען אין דער באגלייטונג פון פארשטאָרבענעם צו זיין אייביגער רוה.

§ 5. דיא סאָסייעטי איז פארפליכטעט צוא באזאָרגען דעם טויטען מיט א באערדיגונגס פּלאץ, א לייכען וואָגען, 1 קערעדזש פאר דיא אבלים, 1 קערעדזש פאר דער קאָמיטע פון דער חברה קדישא, אויסקליידונג.

§ 6. ווען עס שטארבט א פרוי פון א מעמ־בער איז זיא בארעכטיגט צו דיא זעלבע רעכטע וויא א מעמבער זעלבסט.

§ 7. ווען עס שטארבט א מעמבער׳ס קינד וועל־
כעס איז אונטער זיין רשות, און דאָס קינד איז
אונטער 1 יאָהר, אלט איז דאָס בארעכטיגט צוא
סעמעטערי, און צו א מאן וואָס זאָל טאָהן זיין
רעכט און צו א באָגע, ווען דאָס קינד איז אָבער
עלטער פון 1 יאָהר איז עס בארעכטיגט צו סעמע־
טערי, א לייכען וואָגען, 1 קערעדזש און א מאן
צו טאָהן זיין רעכט אָדער א פרוי צו טאָהן איהר
רעכט.

§ 8. טעכטער זאָ לאנג זיי זיינען נאָך אומ־
פארהייראט און זיהן וועלכע האָבען נאָך ניט ער־
רייכט דאָס עלטער פון 18טען יאָהר, זיינען אונ־
טער דעם פאָטערס רשות.

§ 9. אדאפטירטע קינדער געזעצליך און שטיף
קינדער, ווען אונטערען פאָטערס רשות ווערען גע
רעכענט אלס אייגענע קינדער.

§ 10. ווען א פרוי שיידעט זיך געזעצליך
דורך קאָרט פון איהר מאן און זיא נעהמט דיא
קינדער צוא זיך זיינען דיא קינדער ניט בארעכ־
טיגט צוא סעמעטערי און אויסשטאטונג.

§ 11. ווען עס שטארבט א קינד ביי א מעמ־
בער בעפאָר ער איז 6 מאָנאטען אין דער סאָסיי־
עטי דארף ער באצאָהלען אלע פיונעראל עקספענ־
סעס, אויסער סעמעטערי.

§ 12. ווען אַ מעמבער אָדער זיין פרוי אָדער זיינע קינדער שטארבען אויסער האלב גרעיטעו ניו יאָרק וואו זיי קענען ניט באַערדיגט ווערען אויף אונזער סעמעטערי, דארף דיא סאָסייעטי צאָהלען זייער בעגרעבניש קאָסטען וועלכע זאָל ניט באטרעפען מעהרער וויא $40.00 פיר א מאַן אָדער פרוי, 20 דאָלאר פאר אַ קינד עלטער פון 2 יאָהר, 10 דאָלאר פאר אַ קינד אינגער פון 2 יאָהר, עס מוז אָבער צוגעשיקט ווערען אַ טויט סערטי־פיקייט בעשטעטיגט ביי אַ נאָטארי פאָבליק אונד אויך דיא אורזאכע פון זיין טויט.

§ 13. ווען ביי אַ מעמבער שטארבט דיא פרוי און זיא ווערט באַערדיגט אויף אונזער סעמעטערי און ווען ער הייראט אַ צווייטען מאָל, דאן זאָל גע־האנדעלט ווערען לויט נאָך דיא אבשטימונג פון דיא ברידער וויפיעל דער מעמבער זאָל באצאָהלען, זאָנסט איז זיא ניט בארעכטיגט צו קיין סעמעטערי און עקספענס.

§ 14. ווען אַ מעמבער ווערט געשטראכען פון דער סאָסייעטי פארלירט ער און זיין פאמיליע אלע רעכטע אויף סעמעטערי.

§ 15. ווען אַ מעמבער אָדער זיין פאמיליע שטארבט אויסער גרעיטער ניו יאָרק, און מען וויל דעם טויטען באַערדיגען אויף אונזער סעמעטערי, דאן דארף דיא פאמיליע צושטעלען די לייכע ביז גרעיטער ניו יאָרק אויף זייערע עקספענס.

§ 16. ווען אַ מעמבער אָדער זיין פאמיליע שטארבען און ווערען באערדיגט אויף אַן אנדער סעמעטערי פון אַן אנדער סאָסייעטי, איז אונזער סאָסייעטי פארפליכטעט צוא געבען נאָר איין קע־רעדזש פאר דער קאָמיטע פון דער סאָסייעטי, אויך מוזען דיא מעמבערס זיין צו דער לויה און אָפּגע־בען דיא לעצטע עהרע צום טויטען וויא עס איז אויסגעשריבען אין פאראגראף 4 פון דיזען אר־טיקעל.

§ 17. דיא פאמיליע פון טויטען איז פאר־פליכטעט צו געבען סעקיורעטי 50 דאָלאר פאר אַ מצבה, און ווען דיא פאמיליע גיט ניט, זאָל דאָס ארונטער גענומען פון אינדאָומענט, און פאל דיא פאמיליע שטעלט ניט קיין מצבה נאָכ׳ן יאָהר, דאן זאָל דיא סאָסייעטי שטעלען פאר דיא געלט אַ מצבה און אויב דיא פאמיליע שטעלט אליין אַ מצבה, דאן זאָל דיא 50 דאָלאר אומגעקעהרט ווערען צוא דער פאמיליע.

§ 18. ווען אַ מעמבער פערלאנגט אַ קבר פאר זיין נאָהענטען פארוואנדטען, דארף ער וועגען דעם מעלדען דעם פרעזידענט פון דער סאָסייעטי, וועלכער דארף זיך בעראטען מיט דיא באָרד אָף דירעקטאָרס אויב אַ קבר זאָל געגעבען ווערען אָדער ניט, ווען דיא קאָמיטע באוויליגט דעם פער־לאנג דאן זאָל דער מעמבער איינצאָהלען דיא פערלאַנגטע סומע צום פינאנס סעקרעטער, און דער קיפער זאָל געאָרדערט ווערען אַ קבר צו עפענען.

§ 19. ווען אַ מעמבער האָט געקויפט סעמע־
טערי פון איין אנדער סאָסייעטי, און באלאנגט אין
אונזער סאָסייעטי אַלס מעמבער און עס טרעפט אַ
טויטען פאַל, דאן איז אונזער סאָסייעטי פארפליכ
טעט צוא צאָהלען צוא דער פאמיליע ניט מעהר
וויא פופציג דאָלאר אויף דיא עקספענסעס פאר א
מאַן אָדער פרוי.

## ארטיקעל 13.

## רולס פון אַ מנין.

§ 1. אַ מנין קומט צו די אבלים פון פער־
שטאָרבענעם מעמבער און אויך פון דער מעמ
בערקע.

§ 2. ווען דער פערשטאָרבענער מעמבער האָט
באלאנגט צו אונזער סאָסייעטי ווערט געגעבען צו
זיינע אבלים אַ מנין.

§ 3. דער מנין זאָל באשטעהן פון דער סאָ־
סייעטי, דיא סאָסייעטי זאָל דינגען מענשען צוא
אטענדען דיא וואָך פון שבעה אז דיא אבלים זאָ־
לען האָבען אין זייער וואָהנונג אַ מנין.

§ 4. דיא סאָסייעטי איז פארפליכטעט צוא
געבען דיא סומע ניט מעהר וויא 15 דאָלאר פאר
דיא עקספענס פאר'ן מנין, און זעהן אז דיא אבלים
זאָלען האָבען אַ מנין אין שבעה.

§ 5. דיא אבלים זאָלען גלייך מעלדען צום פרעזידענט אָדער צום האָספּיטאלער דעם פּליים וואו זיי זיצען און איין קאָמיטע זאָל געשיקט ווע רען.

§ 6. אין פאל דיא אבלים פארפעהלען זיך צוא מעלדען, דאן פארלירען זיי זייער רעכט פון א מנין און אויך זייער שבעה געלט.

§ 7. ביי דער לויה זאָלען דיא בעאמטע גלייך מעלדען דיא אבלים צו זיי קומט א מנין אָדער עס קומט ניט, אויב אזא ערקלעהרונג איז ניכ געגעבען געוואָרען פון דער סאָסייעטי און אויך פון דיא אבלים, דאן זאָל דיא סאָסייעטי האנדלען מיט דיזען פאל זאָ וויא אין פּאראגראף 2-1 פון דיזען ארטיקעל.

## ארטיקעל 14.

## אינדאָומענט

§ 1. ווען א גוט שטעהענדער מעמבער, וועל־ כער באלאנגט מעהר אלס 6 מאָנאטען אין דער סאָסייעטי שטארבט, זאָל זיין פרוי אָדער זיינע געזעצליכע יורשים זיין בארעכטיגט צו 300 דאָ־ לער טויטען אינדאָומענט.

§ 2. א פערשטאָרבענער מעמבער וועלכער לאָזט ניט איבער קיין פרוי, זאָל דער ענדאומענט געהערען צוא זיינע קינדער, און אויב דיא קינדער

זייגען מינד־יעהריגע, זאָל דיא געלד בלייבען אין דער סאָסייעטי ביז דיא קינדער ווערען יעהריג, און ביז יענער צייט זאָל דיא סאָסייעטי עלעק־טען א טראָסטי, וועלכער זאָל אויף דיא געלט אויף־פאסען, דער טראָסטי ווען ער געפינט פאר נויטיג זאָל האָבען דאָס רעכט צו ספּענדען א טהייל פון דאָס געלד פאר דעם בענעפיט פון דיא קינדער דער טראָסטי מוז אָבער פריהער מעלדען דער סאָ־סייעטי און קריגען דיא ערלויבעניש עס צו טאָהן.

§ 3. ווען איין פערשטאָרבענער מעמבער האָט קיין פרוי, קיין קינדער, זאָל די אינדאָומענט אויס־געצאָהלט ווערען צו זיינע עלטערען.

§ 4. צוא דיזען פארוואנדעטען וועלכער וועט ברייננגען זיין געזעצליכע בעווייזע אויב קיין קלעים פון פארוואנדעטען וועט ניט באוויזען ווערען ביז 2 יאָהר, דאן פארבלייבט דער אינדאָומענט צוא דער סאָסייעטי.

§ 5. ווען דער פארשטאָרבענער מעמבער האָט קיין פרוי, קיין קינדער, קיין עלטערען, דאן קען ער דורך איין געזעצליכען צואה אָפּשרייבען דיא אינ־דאָומענט וועמען ער וויל, אויב אָבער ער האָט אזא צואה ניט איבער געלאָזען, געהערען דיא אינדאָו־מענט צו דער סאָסייעטי.

§ 6. דיא ענדאָומענט זאָל אויסגעצאָהלט ווע־רען אין 90 טעג נאָך דיא מעלדונג פון מעמבערס טויט און דיא צושטעלונג פון טויטען שיין און באווייזע פון פארוואנדשאפט.

§ 7. קיינע אינדאָומענטס זאָל אויסגעצאָהלט ווערען סיידען איין ריכטיגער סערטיפיקייט פון באָרד אָף העלטה פון שטאָדט וואו דער מעמבער איז גישטאָרבען וועט צוגעשיקט ווערען צוא דער סאָסייעטי ניט שפּעטער וויא 90 טעג נאָך דעם מעמבערס טויט צוזאמען מיט דיא באווייזע פון פאוואנדשאפט פון דעם פּערזאָן אָדער פּערזאָנען וואָס פארלאנגען דעם אינדאָומענט.

## ארטיקעל 15.

## קלאגעס.

§ 1. קיין מעמבער זאָל ניט קלאגען א צוויי־טען מעמבער אָדער דיא סאָסייעטי געריכטליך בע־פאָר ער האָט געטרייט צו קריגען גערעכטיגקייט אין דער סאָסייעטי גופא.

§ 2. ווען אַ מעמבער ברייננגט אַ קלאגע אויף א צווייטען מעמבער, דארף ער דיא קלאגע איבער געבען שריפטליך, און ווען זיא ווערט אָן גענומען ביי דער סאָסייעטי דארף דער אָנגעקלאגטער קריי־גען אַ קאָפּיע פון דער קלאגע, און דיא סאָסייעטי זאָל דאן באשטימען אַ צייט ווען דער פארהער פון דער קלאגע זאָל זיך אָנפאנגען.

§ 3. ווען איין מעמבער ברייננגט אריין איין קלאגע אויף דער פעראיין אויסער דעם פעראיין (אין קאָרט) האָט קיין רעכט צו לויפען פאר איין אמט אין יענער צייט, און אויב ער פארלירט דיא

קלאגע האָט ער קיין רעכט אויף אימער אַלס בע־
אמטער זיין.

§ 4. דאן זאָל דיא סאָסייעטי איבער געבען
דיא קלאגע צוא דיא באָרד אָף דירעקטאָרס, און
דיא באָרד אָף דירעקטאָרס זאָלען דיא קלאגע אונ־
טערזוכען און אריין ברייננען זייער רעזאָלושאָן
צום נעקסטען מיטינג.

§ 5. און אויב דיא באָרד אָף דירעקטאָרס ווע
לען אריין ברייננען זייער רעזאָלושאָן אז דער אָנ־
קלאגער איז שולדיג, ד"ה, אין געלט זאכען, זאָל
פון דיא דירעקטאָרס איבער געגעבען ווערען צום
פרעזידענט דיא אַמאונט פון דיא געלט, און אויב
דער מעמבער איז געפונען געוואָרען שולדיג אַלס
אַ שטראף פאר באליידיגונג, זאָל דיא באָרד אָף
דירעקטאָרס ניט האָבען דאָס רעכט מעהר פון דעב
מעמבער צונעהמען דאָס וואָרט ווי פון 3 מיטינ־
גען, און אויך אַ שטראָף מיט 1 דאָלאר און ניט
מעהר פון 2 דאָלאר.

§ 6. ווען איין מעמבער בעגעהט איין קרימי־
נאַלעם פארברעכען און ווערט באשטראָפט מיט
פריזאָן, דאן ווען איין פערטעל פון דיא מיטגלי־
דערשאפט אנערקענען איהם פאר שולדיג זאָל ער
געשטריכען ווערען פון דער סאָסייעטי.

§ 7. ווען איין מעמבער דריקט זיך אוים מיט
בעלעדיגענדע ווערטער אויף איין 2טען מעמבער
ביי איין מיטינג, און דער מעמבער האָט ניט אריי
געבראכט קיין קלאגע, נאָר דער פרעזידענט מיט'ן

מיטינג האָבען איין געזעהן דיא באלײדיגונג, האָט דער פּרעזידענט אַ רעכט צוא באשטראפען דעם מעמבער ניט מעהר וויא 50 סענט, אָדער צונעהמען פון איהם דאָס וואָרט און זיין רעכט אויף צוויי מיטינגען.

§ 8. ווען איין מעמבער פערשפּרייט קלאַנגען, וועלכעס קען שאדען דער סאָסייעטי זאָל דיזער מיטגליעד געשטעלט ווערען אונטער איין קלאַגע, און ער ווערט אונטערוואָרפען פון דיזען ארטיקעל פּאראגראף 4.

§ 9. יעדער מעמבער ווען ער ווערט באלײדיגט פון אַ צווייטען מעמבער ביי איין מיטינג, האָט אַ רעכט איינקלאגען דעם בעטרעפענדען פאר דער סאָסייעטי, און דיא סאָסייעטי מיט'ן פּרעזידענט קענען בענוצען דעם פּונקט 6 פון דיזען ארטיקעל.

§ 10. אלע קלאַגעס זאָלען איבער געגעבען ווערען צוא דיא באָרד אָף דירעקטאָרס צום פער־האנדלען מיט דיא פולע פּאוער צום ענטשיידונג, דער מעמבער האָט אַ רעכט צוא אפּעלירען צוא דער סאָסייעטי געגען דיעזען ענטשיידונג.

§ 11. ווען איין בעאמטער ווערט אָנגעקלאגט אין בעצוג אויף זיין אַמט, און דיא קלאַגע ווערט אָנגענומען ביי דער סאָסייעטי, דאן זאָל ער סוס־פּענדירט ווערען פון זיין אַמט ביז דיא קלאַגע וועט ענטשידען ווערען.

§ 12. ווען איין מיטגליד געגען ווענען איי קלאגע ווערט אויפגעהויבען און איבער געגעבען צוא דער באָרד אָף דירעקטאָרס פערפעהלט צוא ערשיינען ווען ער ווערט אויפגעפאָדערט פון דיא באָרד אף דירעקטאָרס, האָט קיין רעכט ניט צוא פּראָטעסטירען געגען ווערדיקט, ווען דיא באָרד אָו דירעקטאָרס פערהאנדלען אָהן איהם, דער אָנגע־קלאגטער מיטגליד דאָס רעכט צו ברייגגען צום זיצען פון דער באָרד אָף דירעקטאָרס איין פערטהיידיגער וועלכער מוז זיין איין מיטגליד פון דער סאָסייעטי.

§ 13. ווען אַ מעמבער צאָהלט ניט איין איר־גענד וועלכע שטראף וועלכע איז אויף איהם ארויף געלייגט געוואָרען לויט דיזער קאָנסטיטושאָן, ביי דעם לעצטען מיטינג אין קווארטאל זאָל דער בע־טרעפענדער מיטגליד זיך ווענדען צוא דער סאָ סייעטי אויף גוט צו מאכען, און ווען ניט, דאן האָט די סאָסייעטי דאָס רעכט צו שטרייכען פּונקט וויא פאר דיוס, און דער מעמבער מוז קריגען אַ רעגיסטרירטען לעטער דעם ערשטען מיטינג נאָך שטרייך אוועגד.

§ 14. איין אָנגעקלאגטער וועלכער איז איין מאָהל פריי געשפּראָכען געוואָרען, קען אויף דער זעלבער פארברעכען נאָך אמאָהל ניט פּראָצעסירט ווערען.

§ 15. שטראפען פון פּרעזידענט און מיטינג קענען ניט אפּעלירט ווערען.

## ארטיקעל .16

## ביי-לאָהס.

§ .1 איבער אלע פראגען אויסער דיא גע־וועהנטליכע וואָס ווערען פערהאנדעלט ביי דיא רעגעלע מיטינגען מוזען דיא ברידער בענאכריכטעט ווערען דערפון שריפטליך.

§ .2 יעדען יאָהר זאָל זיין א דזשענעראל פי־נאנס, דאָס הייסט, אז דיא ברידער מוזען באצאָה־לען אלע זייערע שולדען ביז דעם לעצטען סענט.

§ .3 יעדען יאָהר זאָלען דער סאָסייעטים פי־נאנס ביכער עקזאמינירט ווערען ביי א פּאָבליק אקאונטענט.

§ .4 יעדער מעמבער מוז באלאנגען צום דאָק־טאָר סינגעל אָדער פאמיליע, פאר וועלכע ער זאָל באצאָהלען 50 סענט פּער קווארטעל.

§ .5 יעדער גוט שטעהענדער מעמבער וועל־כער באלאנגט וויינינגסטען 6 מאָנאטען אין דער סאָסייעטי איז בארעכטיגט צו א חתונה פּרעזענט ווען ער געהט הייראטען, יעדער מעמבער איז בא־רעכטיגט נאָר איין מאָהל צו א חתונה פּרעזענט פאר 10 דאָלאר.

§ .6 יעדער מעמבער איז בארעכטיגט אויך צו א פּרעזענט ווען ער מאכט חתונה א טאָכטער 5$ און אויך א קאָמיטע זאָל אפּוינטעט ווערען אויב עס איז געבעטען געוואָרען.

§ 7. יעדער מעמבער איז בארעכטיגט צוא א קאָמיטע ווען ער געהט הייראטען.

§ 8. ווען עס טרעפט א טויטענס פאל אין א מעמבערס פאמיליע און ער זיצט שבעה איז דער מעמבער באַרעכטיגט צו 5 דאָלאר שבעה בענעפיט נאָר דאן ווען ער אטענדעט ניט זיין ארבייט אָדער ביזנעס, ווער ער זיצט שבעה פולע 7 טעג און ווען ער איזט גוט שטעהענד אין דיא ביכער און ווען ער איז ניט וועניגער וויא 6 מאָנאטען א מעמבער אין דער סאָסייעטי, און מוז זיך מעלדען צום האָספיטאלער און עס מוז געשיקט ווערען א קאָ־מיטע, און אין פאל ער איז ניט גוט שטעהענדיג אין דיא ביכער, זאָל ארונטער גענומען ווערען זיינע שולדען פון זיין בענעפיט וועלכעס עס קומט צוא איהם.

§ 9. אלע קאָמיטעס, וויא פינאנס, האָכצייט, ארענדזשמענט און אנדערע זאָלען דירעקט ביי א סאָסייעטי מיטינג אפוינטעט ווערען אָדער עלעק־טעד ווערען.

§ 10. אלע פרינטינג פון דיזער סאָסייעטי מוז זיין מיט דעם יוניאָן לייבעל, שומרי שבת.

§ 11. ווען א מעמבער פון דיזער סאָסייעטי ווערט א סטרייק ברעכער אין צייט פון סטרייק, קען ער אונטער א קלאגע געשטעלט ווערען, און קען שטראפירט ווערען.

§ 12. א באשלוס קען צוריק גערופען ווערען איבער אירגענד וועלכען מיטינג ווען דיא מעמ־בערס זיינען נעגאַטיסט געוואָרען דערפון, און ווען 2 דריטעל פון דיא מעמבערס אנוועזענד שטימען דערפיר.

§ 13. אמענדמענט צוא דער קאָנסטיטושאָן קען געמאכט ווערען נאָר דאן ווען 7 גוט שטעהענ־דע מעמבערס פאָדערען עס, דער פאָרגעשלאָגענער אמענדמענט מוז זיין אין שריפט און מוז זיין אונ־טערגעשריבען ביי דיא 7 מעמבערס וואָס ברייננגען איהם אריין, דער פאָרגעשלאָגענער אמענדמענט זאָל דאן געלעזען ווערען ביי 2 פאָלגענדע קאָנס־עקוטיווע מיטינגען און אָבגעשטימט ווערען ביים דריטען מיטינג, און דאן ווען 2 דריטעל פון דיא מעמבערס אנוועזענד שטימען פאר'ן אמענדמענט ווערט ער דאן א געזעץ.

§ 14. דיזע קאָנסטיטושאָן איז אָנגענומען גע־וואָרען און איז אריין אין קראפט ביי איין קאָנס־טיטושאָנאל מיטינג וואָס עס איז אָפּגעהאלטען גע־וואָרען שבת אָוועגד, מארץ דעם 8טען, 1931.

§ 15. אלע פרינטינג זאָלען איבער געגעבען ווערען צוא דער פרינטינג קאָמיטע.

## ארטיקעל 17.

## פארלעמינטארישע רולס.

§ 1. א דעבאטע הייסט פארשיעדענע אויס־געשפּראָכענע מיינונגען וועגען א געוויסען פאָר־שלאג אָדער וועגען א געוויסע פראגע.

§ 2. א דעבאַטע ווערט צוגעלאָזען נאָר וועגען א בעשטימטע פאָרשלאַג אָדער וועגען א בעשטימטער פראַגע.

§ 3. קיינע פּערזענליכקייט איז ניט ערלויבט אין דער צייט פון אַ דעבאַטע, יעדער רעדנער מוז רעדען ניט וועגען פּערזאָנען זאָנדערען וועגען זייערע מיינונגען, איין אויסנאַהמע ווערט נאָר ערלויבט ווען אַ געוויסער פּערזאָן זעלבסט איז דער געגענשטאַנד פון דער דעבאַטע.

## רעדנער ליסטע און רעדע צייט.

§ 1. דיא מעמבערס וואָס ווילען האָבען דאָס וואָרט אין אַ געוויסער אנגעלעגענהייט מוזען זיך מעלדען צום פּרעזידענט וועלכער פאַרצייכענט נאָך דעם נעקסט.

§ 2. דיא אָרדענונג פון דיא רעדנער קען ניט ווערען פאַרענדערט ניט פון פּרעזידענט און ניט פון פערזאַמלונג.

§ 3. אין אָרגאַניזאַציאָנען וואו עס איז איינגעפיהרט א רעדנער ליסטע, דאָס הייסט, אז דער פּרעזידענט פאַרצייכענט דיא נעמען פון דיא רעדנער וועלכע ווילען רעדען איבער אַ געוויסע אנגעלעגענהייט, קען מען ניט מאַכען אַ פאָרשלאַג צוא שליסען דיא דעבאַטע, זאָנדערען צוא שליסען דיא רעדנער ליסט, דאָס הייסט, אז נור דיא מיטגלידער וועלכע האָבען זיך געמעלדעט צוא רעדען זאָלען

נאָר מענען רעדען איבער דער פראגע, אָבער קיינע נייע רעדנער זאָלען ניט אויפגענומען ווערען פאַר־שלאג שלוס, דעם רעדנער ליסט קע מאכען יעדער איינער פון דער פערזאמלונג.

§ 4. ווען דיא פערזאמלונג האָט וויינינ צייט פאר א געוויסע אנגעלעגענהייט קען באשטימט ווערען א געוויסע צייט פאר יעדען רעדנער, דאָס הייסט בעשריינקען דיא רעדע צייט.

§ 5. א פאָרשלאג אויף שלוס דיא רעדנער ליסטע אָדער באשריינקונג דיא רעדע צייט מוז אָפּגעשטימט ווערען אָן דעבאטען.

## פאָרשלאגע.

§ 1. יעדער מעמבער האָט דאָס רעכט צו מאַ־כען א פאָרשלאג אָדער צו אונטערשטיצען דעם פאָרשלאג פון אַן אנדערען.

§ 2. א פאָרשלאג קען נור ווערען אָבגעשטימט ווען ער ווערט אונטערשטיצט פון אַן אנדערען.

§ 3. דיא פערזאמלונג מוז יעדעס מאָהל נור פערנעהמען איין הויפּט פאָרשלאג מיט די אמענד־מענט וואָס געהערט צוא דיזען פאָרשלאג. אללע פאָרשלאגע וואָס געהערען ניט צוא דיזער פראגע קענען ניט אָנגענומען ווערען.

§ 4. ווען א מעמבער איז ניט קלאָר איבער א געוויסען פאָרשלאג און בעט מען זאָל דיזען פאָרשלאג נאָך אַמאָהל פאָרלעזען אָדער ווידער־האָלדען, מוז דיזע פאָדערונג ערפיהלט געוואָרען.

§ 5. ווען אַ מעמבער מיינט אַז אַגעוויסעו פֿאָרשלאַג איז געגען דיא קאָנסטיטושאָן האָט ער דאָס רעכט צוא פּראָטעסטירען געגען איהם אין אַ פּוינט אָף אָרדער, דער פּרעזידענט דאַרף אין אַזאַ פאַל ענטשיידען אויב דער פֿאָרשלאַג דאַרף צוגע־לאָזען ווערען אָדער ניט, און ווען אירגענד וועל־כער מעמבער איז ניט צופרידען מיט זיין ענטשיי־דונג, קען ער אַפּעלירען צו דער פערזאַמלונג, דאָס הייסט, לאָזען אָפּשטימען אויב דער פּרעזידענט האָט רעכט אָדער ניט.

## אמענדמענט.

§ 1. ווען אַ מעמבער לעגט פאָר ענדערען אַ געוויסען פֿאָרשלאַג, ד"ה, ווען ער לעגט צוא צוא דיזען פֿאָרשלאַג עטוואָס נייעס, אָדער ער שטרייכט אויס עטוואָס אַלטעס, דאַן הייסט עס אַז ער מאַכט איין אַמענדמענט צו דיזען פֿאָרשלאַג.

§ 2. ווען אַ אַמענדמענט איז פֿאָרגעשלאָגען און אונטערשטיצט, דאַן דאַרף ער ווערען אָפּגע־שטימט פאַר דעם הויפּט פֿאָרשלאַג.

§ 3. שלאָגט אַ מעמבער פאָר אירגענד וועל־כעס פערענדערונג צום אַמענדמענט אַליין, דאַן הייסט עס, אַז ער מאַכט איין אַמענדמענט צום אַמענדמענט.

§ 4. איין אַמענדמענט צום אַמענדמענט מוז צוערשט ווערען אָפּגעשטימט, פאַלט ער דורך, נעהמט מען דאַן פאָר דעם ערשטען אַמענדמענט,

און ווען דער ערשטער אמענדמענט פאלט אויך דורך נעהמט מען דאן פאַר דעם הויפּט פאָרשלאג, ווערט דער אמענדמענט צום אמענדמענט אָנגענו־מען הייסט דאן אז דער אמענדמענט איז דורכגע־פאלען און מען געהט איבער צום הויפּט פאָרשלאג.

§ 5. אַן אַמענדמענט מוז ווערען צוגעלאָזען אפילו ווען ער פארענדערט דעם גאנצען זין פון דעם פאָרשלאג צו וועלכען ער ווערט געמאכט.

§ 6. ווען דיא פאָרשלאגע אין אמענדמענט ווערען מאַנכעס מאָהל שטארק צומישט און פאר־פּלאָנטערט אין פערלויף פון דיא דעבאטען אַזוי אז דיא מיטגלידער ווייסען אליין ניט קלאָר וועגען וואָס מען רעדט, דאן האָט יעדער מעמבער דאָס רעכט צוא מאכען אַ נייעם פאָרשלאג אנשטאָט אלע אלטע פאָרשלאגען און אמענדמענטס, דאָס רופט מען מאַכען אַ סאָבסטיטוט.

## טיילונגען פון פאָרשלאגע.

§ 1. ווען אַ פאָרשלאג באשטעהט פון מעהרע־רע פונקטען קען מען איהם אזוי טיילען אז יעדער פונקט זאָל בילדען אַ בעזונדער פאָרשלאג.

§ 2. אין אַזאַ פאַל מוז יעדער פונקט בעהאנ־דעלט ווערען בעזונדער, און מען קען ניט פארנעה־מען דעם צווייטען פונקט ביז דער ערשטער איז ניט געענדערט.

§ 3. אַמענדמענטס און סאָבסטיטוטס קענען ניט געטהיילט ווערען.

## טייבלען אַ פאָרשלאג.

(דאָס הייסט אוועקלייגען אויפ'ן טיש)

§ 1. ווען דיא פערזאמלונג וויל זיך ניט בע־שעפטיגען מיט אַ געוויסע פראגע און וויל איהר אויך ניט אין גאנצען אַוועק מאכען אונטער'ן האנט, אָדער קען ניט, לעגט זיא איהר אוועק אויפ'ן טיש, ד"ה, זי לעגט איהר אָפּ אויף אַן אונבע־שטימטער צייט.

§ 2. ווען מען מאכט אַ פאָרשלאג אוועק צוא לייגען אַ געוויסע אנגעלעגענהייט אויפ'ן טיש, און דיזער פאָרשלאג ווערט אונטערשטיצט מוז מען איהם באלד אָפּשטימען אָן אַ דעבאַטע אָדער אמענדמענט.

§ 3. אויפ'ן טיש קען מען ניט אוועק לייגען:

א) אַ פאָרשלאג שלום דער רעדנער ליסט.

ב) אַ פאָרשלאג אויף פערטאגונג (דאָס הייסט אָבלייגען דעם מיטינג).

§ 4. ווען אַ פאָרשלאג ווערט געטייבעלט קען מען שוין ניט רעדען וועגען דיזען פאָרשלאג ביי דעם זעלבען מיטינג.

## פּערטאגונג ד"ה אבלייגען.

§ 1. אַ פאַרשלאַג אויף פּערטאגונג, ד"ה, שליסען דעם מיטינג ווערט אָבגעשטימט אָן אַ דע־באטע, וויא באלד נאָר איין מיטגליד אונטער־שטיצט דעם פאַרשלאָג.

§ 2. צוזאמען מיט דעם פאַרשלאַג אויף פּער־טאגונג מוז מען מאכען אַ פאַרשלאַג, ווען דיא נעקסטע פערזאַמלונג זאָל איינבערופען ווערען, אויב דאָס איז נאָך ניט פריהער באשטימט, ביי דיזען פאַרשלאג ווערען שוין צו געלאָזען אי דעבא־טען אונד אמענדמענטס.

§ 3. ווען אַ פאַרשלאג אויף פּערטאגונג ווערט ניט אָנגענומען, קען ער ווערען געשטעלט אַ צוויי־טען מאָהל נאָר דאן ווען מען ווערט פארטיג מיט דער פראגע וואָס מען האָט געהאט צוא באשפרע־כען.

## אבשטימונג.

§ 1. ווען אַ פראגע איז שוין דייטליך פאר אלע אנוועזענד, מוז דער פּרעזידענט זיא לאָזען אָפּ־שטימען, ווען מען געהט צום אפשטימונג, האָט שוין קיינער קיין וואָרט ניט.

§ 2. מעמבערס וואָס קומען ניט צוא אַ גע־וויסע פערזאמלונג פון וועלכער זיי זיינען פריהער ריכטיג בענאכריכט געוואָרען פערלירען אלע זייערע רעכטע אויף דיזער פערזאמלונג און קענען שפּע־

טער ניט פּראָטעסטירען געגען דיא געזעצליכע בע־
שליסע פון דיזער פערזאמלונג.

§ 3. יעדער בעשלוס קען ווערען ערקלעהרט,
אָנגענומען איינשטימינג, ווען דיא מינאָריטעט וואָס
האָט געשטימט געגען איהם איז דערנאָך איינפער־
שטאנען.

§ 4. ווען אַ מעמבער ווערט אנגעגריפען אין
פערלויף פון דיא דעבאטען, קען ער נאָך דער אב־
שטימונג בעטען דאָס וואָרט צוא פערזענליכע באַ־
מערקונג.

## ווידער ערוועגונג.

§ 1. ווען דיא פערזאמלונג איז אויס אירגענד
וועלכע גרינדע ניט צופרידען מיט אַ באשלוס וואָס
מען האָט פריהער אָנגענומען, קען זיא דיזען בע־
שלוס צוריקרופען, ד״ה, איהם ווידער צוא דעבאַ־
טירען.

§ 2. א באשלוס קען צוריק גערופען ווערען
נאָך אמאָהל צוא דעבאטירען אין דער זעלבער
פערזאמלונג אויף וועלכער ער איז אָנגענומען גע־
וואָרען, אָבער צווישען דעם בעשלוס און נאָך
אמאָהל צוא דעבאטירען מוז יעדענס מאָהל וויי־
ניגסטענס איין אנדער פראגע פערהאנדעלט ווערען.

§ 3. אזוי לאנג וויא אַ בעשלוס איז ניט צו־
ריק גערופען געוואָרען קען מען קיינע פאָרשלאגע
געגען דעם ניט מאכען.

ע נ ד ע.

דיא חברה בני ישראל אנשי יאניווע בעדאנקען אונזערווירדיגען פרעזידענט און זיין פרוי מרס. הענע לעווין פאר דיא לייסטונג וועלכעס זייא האָבען געגעבען צוא אונזער קאָנסטיטושאָן קאָמיטע אין זייער וואָהנונג, 342 סויט 5טע סט., ברוקלין.



